חיים גראַדע / מוסרניקעס
/ מײַן קריג מיט הערש
ראַסײנער

א מתנה

פֿאַר מײַן ווילנער חבר און פֿאַ״
טביה שמידט –

חיים גראַדע

ניו־יאָרק 3 פֿעברואַר. 1971

[illegible]:

97
103
99
100
101
102
98
104

הננו מצטערים שבהדפסת המסה "מײַן קריג מיט הערש ראַסײנער" של חיים גראַדע נפלה טעות בסדר העמודים. אחרי העמוד 97 צריך לקרוא עמ' 103 ואחרי עמ' 102 צריך לקרוא עמ' 98.

מיט באַדויערן זײַנען מיר מודיע וועגן דעם פֿאָלגנדיקן פֿעלער אינעם איבערדרוק פֿון חיים גראַדעס "מײַן קריג מיט הערש ראַסײנער": נאָך זײַט 97 דאַרף מען לייענען די זײַט 103 און נאָך דער זײַט 102 – די זײַט 98.

שרות הצלום

חיים גראַדע

# מוסרניקעס

(פּאָעמע)

# מיַין קריג מיט הערש ראַסיינער

(עסיי)

האוניברסיטה העברית בירושלים
החוג לספרות יִידיש
ירושלים תש"ל – 1969

# עם הספר

ספר זה מתפרסם עתה לקראת הקורס המוקדש ליצירתו של חיים גראדה בחוג לספרות יידיש שבאוניברסיטה העברית.

טבעי ומוצדק הוא שלאחר הופעת הרומן צמח אַטלאַס (כרך ראשון — ניו־יורק, 1967; כרך שני — שם, 1968; תרגום עברי של הכרך הראשון — תל־אביב תשכ״ח), המגולל על פני יריעה תאורית נרחבת את תנועת המוסר על ישיבותיה, מנהיגיה, ולומדיה בחייהם ובהתלבטויותיהם, יתעורר מחדש וביתר שאת העניין ביצירותיו הקודמות של גראדה שבהן החלה התמודדותו עם נושא זה. הפואימה מוסרניקעס נתפרסמה לראשונה בתוך זאַמל־ביכער, כרך 3 (ניו־יורק, ינואר 1938) ולאחר מכן, בצורה מתוקנת, בספר שהופיע בווילנה בשנת 1939 (בספרו של גראדה דורות — ניו־יורק 1945 — הועתקה הפואימה מן הטקסט שבזאַמלביכער). בפואימה זאת ערך גראדה את חשבונו הראשון עם תנועת המוסר. לאחר מלחמת העולם השניה ושואת יהודי אירופה הוא חזר ונזקק לבעיתו זו במסה של חשבון נפש מחודש ונוקב ״מײַן קריג מיט הערש ראַסיינער״, שלפי שעה נתפרסמה במקורה אך ורק בכתב־העת אידישער קעמפער (כרך 32, גליון מס׳ 923, ערב ראש השנה תשי״ב — 1951; תרגום אנגלי My Quarrel with Hersh Rasseyner נתפרסם באנתולוגיה, שבעריכתו של אי. האו וא. גרינברג A Treasury of Yiddish Stories, שהופיעה במהדורות שונות בניו־יורק החל משנת 1958). מסה זאת מהווה, לפי הגדרתו של גראדה, ״מעין אחרית דבר״ לרומן צמח אַטלאַס (השווה את הערתו של גראדה על הנוסח הראשון של הרומן ששמו היה ״דער נאָוואַראַדאָקער שבט״ בפתח הפרק ״אַ יום־כיפור־נאַכט״, אידישער קעמפער, כרך 34, גליון מס׳ 1023, ערב ראש השנה תשי״ד—1953).

הפואימה מוסרניקעס צולמה עתה מן המהדורה הווילנאית והמסה — מתוך כתב־העת אידישער קעמפער. יש להצטער על חוסר האחידות בכתיב של שתי היצירות המתפרסמות יחד ועל חוסר האפשרות הטכנית לתקן את כל השגיאות המצויות בטקסטים שצולמו.

חובה נעימה היא להודות מקרב לב לחיים גראדה על הסכמתו האדיבה להעמיד לרשות תלמידי החוג לספרות יידיש מהדורה זאת של שתי יצירות, שהן מפתח להבנת דרכו בספרות.

חנא שמרוק

## ווידערקול

דער אלולדיקער רעגן רוישט, די וואָלקנס ציִען,
ווי אַן עדה צו אַ הייליקער לוויה.
ס'איז פינצטער, און מײַן האַרץ האָט זיך צעשריִען,
ווי אין אַ חורבה אַ פאַריאָגטע חיה ;
ס'איז פינצטער, און מײַן האַרץ האָט זיך צעשריִען
מיטן ניגון פון בעל־מוסר ר' בחיי...

געשרייען האָבן פון מײַן טיף אַרויפגעשטורעמט,
און פלאַטערן אַרום מײַן קאָפּ מיט אימה,
שטיי איך אַ געשפּאַנטער, ווי דער וועכטער אויפן טורעם,
וואָס האָט דערהערט אין חשכות — טריט געהיימע...

אָ, נאַקעטער, צעצויגענער געשריי,
אָ, קולות פון באַגײַסטערונג, אָ, שטימען האַריקע,
איך גיי אײַך נאָך — איך גיי
נאָך דעם ווידערקול פון מײַנע אלול־נעכט פאַרזיבנײַאָריקע...

*

אין קלויז איז ליכטיק, שלעפעריק און הייס,
אַ ריח ווי פון קינדערישע ווינדעלעך — אַ פײַכטער,

מישט זיך אויס מיט זויערקייט און שווייס,
געדיכטער שטויב פאַרוואָלקנט די צעבליצטע ליַיכטער,
צעשפריצט דאָס גאָלד אויף דעם פּרוכת,
פאַרדבקעטע געשטאַלטן איבער שטענדערריייען,
הייזעריק, אַרויסגעשלאָגן פון די כּוחות,
פאַרגייען אין געשרייען.
אַ מחנה שפּאַרט זיך דורכן שמאָלן דורכגאַנג פון די בענק,
ווי אַ ים דורך פעלזן — צו דעם ברעג,
און האָבן זיי די מזרח־וואַנט פאַרשוועכט,
כוואַליען זיי צוריק אין מערב־זײַט אַוועק.
אַ שורה בחורים — אַ מוטנע וואַסער־רינע,
גיסט זיך דורך דער ברייט, פון צפון־זײַט — צו דרום,
און מיטן שם הוויה אויף די פּנימער די גרינע,
שאָקלט מען זיך בײַ דעם טיש אַריבער מוסר־ספרים...

עס קלעטערן צום הימל אויפן אייגענעם געשריי — די זין
פון אוקראַיִנע, ליטע, פּוילן און וואָלין...

דער קורצער טראָכנבראָדער האַלט זיך פאַר די אויערן,
כאַפּט אין מויל אַ פּסוק, חזרט אים געשמאַק און קײַט:
„הערן האָב איך צוגעהערט אפרים טוט באַדויערן:
דו האָסט מיך געשטראָפט — און איך בין אַ געשטראָפטער” —
לויפט ער אום און שרײַט.
אַנטקעגן לויפט דער לאַנגער טראָכנבראָדער,
דער טלית־קטןווירבלט אַרום אים,
זײַן פּנים איז צעקנייטשט, זײַן רעקל איז צעקנאָדערט,
און פאַרשמאָדערט איז זײַן שטים.

ער שלײַדערט מיט די הענט, ווי ער וואָלט זיך געטרונקען:
„גייסטו ניט אַרויף — מוזטו גיין אַראָפּ", —
איז ער אַראָפּגעזונקען,
און שלאָגט צונויף זיך מיט דעם קורצן קאָפּ צו קאָפּ:
„גייסטו ניט אַרויף — מוזטו גיין אַרונטער", —
דער קורצער אָבער איז געזונטער,
שרײַט ער העכער: „הערן האָב איך צוגעהערט";
זיי שטויסן זיך, ווי הערנער אויף אַ שמאָלן בריק,
ביז ס'קריכט אין מיטן דורך דער אָסטראָוואָלער, —
ווּאַרפט זיך יעדער אין זײַן זײַט צוריק...

דער אָסטראָוואָלער איז אַ שמאָלער,
מיט צאַרטע הענט, אַ קראַנקן פוס און שוואַכן גוף,
אויף דאַרע אַקסלען זיצט אַ קאָפּ אַ קאַנטיקער און גרויסער,
אַ פּיסק — וואָס פרעסט אַ גאַנצן מענטשן אויף;
אויגן — טונקעלע און הייסע,
וואָס קוקן פון אַ זײַט אויף וועלטישער הנאה, —
באַהאַלט ער אויס זײַן בליק, זײַן קראַנקן פוס,
און ווײַזט די קינבאַקן, ווי בײַ אַ חיה־רעה;
זײַן פּנים קרימט זיך שטענדיק פון פּאַרדרוס,
ווי ער וואָלט אָפּפּילן אין מויל אַ טעם אַ ביטערן,
און ווען ער גייט די בחורים די ייִנגערע פאַרבײַ,
נעמען קלינגעדיקע שטימען העכער ציטערן.
— וואַרשעווער — דערלאַנגט ער פון אַ זײַט אַ זאָג, די אויגן אָפּגעווענדט,
צו אַ בחורל, וואָס פּאַטשט פאַרדבקעט, כלומרשט, אין די הענט —
וואַרשעווער, איר האַלט אין איין פאַרשפּעטיקן צום דאַווענען,
הײַנט האָט איר פאַרזאַמט צום שיעור,

מען וועט אײַך קאַנטשעווען מיט מלקות, —
און ער שלעפּט אַוועק זיך צו דער טיר.

בײַ דער קלויזטיר שטייט ר׳ אַבאַ, צופּט די באָרד פֿאַרמוטשט.
אַ גאַנצן זומער זיצט ר׳ אַבאַ אויף אַ בוידעם — און התבודדות;
אלול קומט ער דעם בית־מדרש אָפּגעבן זײַן כּוח...
דער אַסטראָוואָלער רירט אים אָן, ר׳ אַבאַ מורמלט זײַ פֿון חלום:
— וואָס איז אַ מענטש, דער פּשט — — —
דער אַסטראָוואָלער איז ביטש אויפֿגעלייגט און ענטפֿערט אויפֿן קול אים:
— איר מאַכט הײַנט פֿאַר די ייִנגערע אַ רעד?
מען האָט געפֿונען אין דעם ווילנערס קעסטל —
ר׳ אַבאַ שפּיגט די קליינע אויגן אויס —
אַ בוך!..
דער אַסטראָוואָלער בײַט אַרויס פֿון קלויז
פֿאַרלאַנגוויליקט, אַ בייזער און אַ מידער.

ר׳ אַבאַ איז צו לאַנג געזעסן ביחידות,
שטייט ער, גלאָצט און גולמט, ביז ער גיט אַ צאַפּל — געמט זיך דרייען
צווישן שטענדערס, לערנער און געשרייען,
עס בליצן זײַנע ווילדע שוואַרצע אויגן,
ווי בײַ אַ נזיר ערשט געקומען פֿון די מדבר־זאַמדן, —
אַנטקעגן קומט אים אָן אַ שטיפֿער, אויסגעצויגן,
דוד קאַפּעסקעווישער — דער אויסגעפּוצטער למדן.
ר׳ אַבאַ מוסרניק דערפֿילט אַ שנאה:
פֿראַגט, דעם טלית־קטן האַלט ער צ פֿאַרשטעקטן אין די הויזן,
אָנשטאָט פּאות, טראָגט ער אַ טשופּרינע,
אַ שידוך וויל ער דווקא מיט צען טויזנט;

ער ווײַזט פֿאַר אַלעמען זײַן גרויסן זייגער,
פֿאַרדרייט די ייִנגערע די קעפּ מיט חריפֿהדיקע שאלות,
זיי ווילן בעסער הערן זײַנס אַ פּלפּול אויף אַ ר׳ עקיבֿא אייגער,
איידער לערנען מוסר בהתפּעלות...
שולדיק איז דער ראש־ישיבֿה – ווײל זיך ווײַזן פֿאַר דאָמיר און ראַדן,
אַז ער האָט אויכעט בקיאים אין גאַנץ ש״ס,
אַז זײַנער אַ ישיבֿה־מאַן קען אויך באַקומען נדן.
ר׳ אַבאַ, פֿול מיט כּעס,
ציט ווי דראָט זײַן באָרד די פּעכיקע,
ביז זײַנע אויגן שפּיציקע און שטעכיקע,
באַפֿאַלן שלמהלע באַבוניצער — אַ תּמימותדיקע לאַם.
אַ בחורל קיין צוואַנציק יאָר ניט,
האַלט ער אין די הענט זײַן פּנים אײַנגעראַמט,
די אָנגעטרערטע אויגן זעען גאָרניט,
און כליפּעט מיט אַ קינדיש רייִנער שטימע:
„דער עיקר איז אין מענטשנס לעבן — אַרבעטן אויף זיך אַליין"
ר׳ אַבאַ קוועלט: אַן עולה תּמימה...

אַ ביסל ווײַטער, בײַ דער וואַנט, זיצט כלאַוונע,
שמייכלט קלוג, און לערנט מוסר בהתפּעלות — שטיל.
אַ קאָפּ האָט ער אַ זעלטענעם, זאָגט תּורה,
זײַן ניגון גייט ניט איבער אין געבריל,
זײַן שטילקייט — אין אַ מרה־שחורה...
ר׳ אַבאַ ברומט: ער האָט אויף אַלץ אַ היתּר,
קען פּויליש, איז אַ בעל תּנך,
ער האָט געלייענט בלעטער,
ווייס ער ווערטער וועלטישע אַ סך,

און דער — זאָל ווערן עס דעם ראש־ישיבהס איידעם ?
דער עולם האָט אים, דעם מצויין, שטאַרק ניט ליב ;
ער וועט צוריק אַוועקגיין אויפן בוידעם —
קלערט ר׳ אַבא אָנגעכמורעט, טריב —
אויב דער — וועט ווערן דער בעל־דעה אין בית־מדרש...

ר׳ אַבא גיט אַ גלעט אַ בחור׳ל פון קאָוועל :
— וואָס זיצט איר, יוסף, אַז דער אייבערשטער מעג זיך דערבאַרעמען,
צונויפגעדרייט פאַרמרה־שחורהט, ווי אָן אָבל ?
לערנט מוסר — וועט איר זיך דערוואַרעמען...
מיט אַ מאָל דערזעט ער : ס׳שטייט דער ווילנער ביי דער בימה,
דערמאָנט ר׳ אַבא זיך אָן בוך אין קעסטל — — —
דאָך שמייכלט ער... און חיים ווילנער הערט אַ זיסע שטימע :
— וואָס מאַכט איר, ווילנער ? — און אַזוי, גאָר אָן אַ מיין,
פאַררוקן זיך צוויי פינגער אין זיין וועסטל :
— וואָס איז עס, האַ ? — אַ קעמעלע,
דערצו אַ שפּיגעלע מיט אַ באַגילדטן ראַמעלע !
פיין, — פאַרקרימט זיך דער בעל־מוסר, און ער גיט צו שטרענג :
— נאָך מעריב מאַכן מיר אַ וועד, —
און פאַרשווינדט צווישן די באַוועצטע בענק.

חיים ווילנער בלייבט פאַרחושט, —
ער האָט אין גאַנצן ניט געדענקט,
אַז ווען די מאַמע האָט מיט טרערן אים געקושט,
האָט זי אַריינגעלייגט אַ קעמל אין זיין וועסטל־קעשענע.
ער פאַלט צו מיט זיין שטערן צו די בימה־קאַפּ די מעשענע —

ערשט איצט האָט ער דערשפּירט ס'אַר אַ פֿאַרביטענער
ער איז געוואָרן אין דער קורצער צײַט, —
עלנט קוקט ער זיך אַרום, ווי פֿון אַ שיפֿבראָך אַ געליטענער,
אַרויסגעוואָרפֿן אויף אַ ברעג אין ווײַסטער ווײַט...

און ס'קלעטערן צום הימל אויפֿן אייגענעם געשריי — די זין
פֿון אוקראַינע, ליטע, פּוילן און וואָלין...

*

חיים ווילנער אין נאַוואַרעדקער ישיבה. שנת תר"ץ.
ווי אַלע בחורים האָט ער אַן ארבע-כּנפֿות ביז די קני געטראָגן,
און ר' אַבּא מוסרניק — אַ ווילדע בוידעמקאַץ,
האָט אַפֿילו אויף די טרוימען אין זײַן שלאָף געהאַט צו זאָגן...

כאָטש ער איז אַלט געווען קוים צוואַנציק יאָר,
האָט ער — אַזש בלייך פֿון ערנסט — אויסגעזען ווי דרײַסיק;
ער האָט אַ זומפּ אין זיך געפֿונען אויף דער וואָר,
און ווי אַן עכטער מוסרניק אויף זיך געאַרבעט פֿלײַסיק.

ער האָט געהערט, ווי פֿון דער ווײַט — זײַן בלוט,
אַזוי ווי דאָס גערויש פֿון ווײַטן פֿרילינגדיקן וואַסער;
ער איז געשלאָפֿן אויף אַ קלויזבאַנק אין אַ הויז,
פֿון טאָג געוואָרן אײַנגעהאַלטענער און בלאַסער.

ר' אַבּא איז געווען אַ ווילדע בוידעמקאַץ,
און ער — אַן ארבע-כּנפֿותדיקער פֿילאָסאָף אין אויסגעדרייטע שיך,
חיים ווילנער אין נאַוואַרעדקער ישיבה שנת תר"ץ —
דאָס בין איך...

## אַ טויטע האַנט

ס׳איז שטיל אין אויסגעלאָשענעם בית־מדרש, שטיל,
אין ווײַבערשולכל וויגן זיך אַ הײַפל שאָטנס
אויפן באַלקן, אויפן דיל,
און ס׳הוידען אויף די ווענט זיך טלית־קטנס...

ר׳ אַבא האַלט אַ האַלב שעה אויסגעשטרעקט אַ טויטע האַנט,
כריפּעט הייזעריק און טרוקן:
חיים ווילנער — גיט אַ תּקיעת־כּף,
קיין מאָל אין אַ ביכל ניט אַרײַנצוקוקן.

איך ווייס: איר זײַט ניט ווי אַ הינערקעפּל שלאָף,
אַ בעל־תאווה זאָל אײַך גלײַך פאַרציִען אין זײַן שלייף;
די ביכלעך זײַנען אָבער חזיר־טריף,
און ווי אַ מענטש זאָל שטאַרק ניט זײַן,
ווערט ער קאַליע פון טריף־פסולס,
און איר — אָנשטאָט צו ווייקן זיך אין ווײַן,
ווייקט איר זיך אין ראָסל...
מען מוז זיך פון דער וועלט פון ווײַטן האַלטן,
אַ פײַערדיק צעגליטע שטאַבע
נעמט מען פון אַ לעשטאָפּ אויף אַרויס אַ קאַלטע —
פאַרגייט זיך הספדיק ר' אַבאַ —
חיים ווילנער, גיט אַ תקיעת־כּף...

און חיים ווילנער אין חברים־קרײַז,
פילט ווי ס'בײַסן זײַנע פּוסטריט מײַז.

אַנטקעגן אים זיצט כלאַוונע אַ צעשמייכלטער, ווי שטענדיק,
אויף זיין אויפגעראַמטן פּנים איז קיין זאַך ניט קענטיק.
יוסף קאָוולער רירט ניט מיט קיין אבר,
ער שטאַרט דער מרה־שחורהניק — אַ קבר,
אַ פרישע ווונד אַ אָפענע.
מיט אויגן פײַכט־פאַרלאָפענע
קוקט שלמהלע באַבוניצער פול פלאַטערניש
אויפן ווילנער אין זײַן מאַטערניש.
נאָר דער וואַרשעווער דער טומלער וויגט זיך פרום,
אַ רגע פאַלט אַראָפּ זײַן נאָז דער שלעפעריקער אויפן טיש,

באַלד טשוכעט ער זיך אויס — צעמישט
קוקט ער תּמעוואַטע זיך אַרום:
ער וואָלט שוין לאַנג געשלאָפן — גיכער, גיכער,
חיים ווילנער זשאַלעוועט אַ האַנט,
אַ מעשה ביכער, —
און זײַן שאָטן ווערט נאָך פרימער אויף דער וואַנט...

פלוצלונג שפּרינגט ר׳ אַבא אויף,
עס טרייסלט זיך פון כעס זײַן גוף:
— וואָס איז עס גאָר אין מיטן דרינען,
איך וועל אַ גאַנצע נאַכט דאָ פּטרן?
וואָס מיינט איר, ווילנער, כ׳וועל זיך ביז באַגינען
מיט אײַך מאַטערן?
איר זײַט אַ יינגל! — חיים ווילנער ווערט אַלץ בלאַסער.
ר׳ אַבא שנײַדט אַן אָנגעצונדענער:
— איר זײַט אַ האַנטעך אַ פאַרזײַערטער, אַ קהלשער, אַ נאַסער,
אַן אויסגעווישטער, אָפּגעבונדענער,
אַן אמתער רשות־הרבים זײַט איר,
אַ מיסטקאַסטן פאַר פרעמדן מיסט און שטיינער —
דער אמת איז בלויז איינער.
איר מיינט, מיר וועלן אײַך דאָ האַלטן ווײַטער?
אַן ערלעכער וואָלט די טריף־פּסולס אויסגעמייקעט;
משמעות, אַז אין אײַך זיצט טיף דער איבל — — —
— אמת, אמת — באַמקעט צו דער וואַרשעווער פּטרדבקעט.
ר׳ אַבא מעסט אים אָפּ: זיצט גלײַך,
צדיקל — מיר קאָנען אײַך!

און ווייכער שוין צום ווילנער: האָט ניט קיין פּאַראיבל,
מיר ווייסן, איר ווערט אײַער האַנט באמת האַלטן, —
געדענקט, דער יצר־הרע קען זיך אויסבאַהאַלטן.
איר קלערט: איך וועל אַליין זען און דערווײַזן קענען,
אַז די ביכלעך זײַנען גאָרניט, —
זאָג איך אײַך: זיי וועלן אײַך דאָס האַרץ פּאַרבּרענען,
פריִער אָדער שפּעטער וועט איר זען די נפקא־מינה;
איר ווישט זיך און שטייט ווײַטער אונטער אַ צעפּוילטער רינע, —
די תורה און די וועלט — זיי קענען ניט צוזאַמען זײַן,
זײַט־זשע ניט דער הונט, וואָס וויל אויף ביידע חתונות באַווײַזן — — —
און חיים ווילנער פילט, מען נעמט זײַן האַנט אַרײַן,
ווי אין אַ קלעם פון אײַזן...

ר' אַבא דרייט זיך אָפּ פון ווילנער אַן אַ וואָרט,
ווי אַ שוחט פון אַן עוף, וואָס ער האָט אָפּגעשאָכטן.
אַראָפּגעלאָזט די גאָמבע אויף דער באָרד,
די אָרעמס אויף דער ברוסט פּאַרפלאָכטן,
גיט ער זיך אַ קער צו דעם באַבוניצער:
— דערציילט, וואָס טוט איר, שלמה, אויף צו מנצח זײַן די גאווה?
עס האָט דער קופּישקער צעבראָכן זײַנע ברילן,
בשעת ער האָט זיך איין מאָל אויפן גאַס פּאַרקוקט
מיט טריפער תאווה —
און איר וואָס טוט צו ברעכן אײַער ווילן?

שלמה האָט זײַן קעפּל אין די אַקסלען ציטעריק פּאַררוקט,
ווי אַ לאָם אַ בידנע אין אַ האָגל, —
ר' אַבא, שוין אין מוסרן אַ רגיל,

בלײַבט אַ רגע אַ פֿאַרלאָשענער, פֿאַרטיפֿטער,
באַלד נעמען זײַנע אומהיימלעכע אויגן ווידער גלאַנצן:
— דער קופּישקער, זאָל בײַשטיין אונדז דער זכות פֿון נפֿטר,
פֿלעגט זיך אָפּגעבן אין גאַנצן:
אַמאָל האָט ער אַ ווינטער זײַנע פֿינגער אָפּגעפֿראָרן,
געטראָגן יעדן טאָג אַ חולה אינעם הקדש עסן —
באַבוניצער, צי פֿילט איר אײַער אייגענעם חסרון,
ווי דעם ווייטאָג פֿון אַן אָפּגעהאַקטן פֿינגער,
איר זאָלט אָן אַלע מעלות אײַערע פֿאַרגעסן?
וועמען ווילן מיר עס נאַרן, וועמען?
פֿאַר וואָס־זשע ווילן מיר זיך דווקא מאַכן גרינגער?
ס'איז אַ חרפּה פֿאַר מבקשים זיך צו שעמען!
וואָס טוט איר העכער אָנצוזאָגן?
וועלדער זײַנען דאָ — טאָ לאָמיר גיין דאָרט לעבן מיט בטחון!
דער מענטש איז שטאַרק גענוג פֿון אַלץ זיך אָפּצוזאָגן.

אין שלמהס באַקן נעמט דאָס בלוט זיך זאַמלען,
ביז ער קלײַבט צוזאַמען מוט אַרויסצושטאַמלען:
— איך האָב מײַן פּוטער אָפּגעגעבן,
און געגאַנגען אָן אַ מאַנטל ביז אין טיפֿן ווינטער — — — —
אויף ר' אַבאס צייגער נעמט אַ שמייכל שוועבן,
פֿאַרמאַטערט שלײַדערט ער אַוועק זײַן קאָפּ אַהינטער:
— וואָס זאָגט איר, כלאַוונע, צו אַזאַ פּעולה?
באַזאַכט און רויִק ענטפֿערט כלאַוונע:
— דאָס איז אַ גרויסער פּרט — נאָר ס'קען געשען
אַ מענטש זאָל מקריב זײַן דאָס לעבן —
די וועלט זאָל אָבער וויסן עס און זען...

שלמה לאָזט אַראָפּ דעם קאָפּ:
— האָט ווער געוווסט, אַז איך האָב אויסגעטאָן מײַן פוטער?
כלאַוונע ענטפערט רויִק אָפּ:
— מען קען טאָן גוטס — און דאָך ניט זײַן קיין גוטער...
שלמה ווערט צעטומלט־רויט אַנטשוויגן,
ר׳ אַבא נעמט זיך אימפּעטיקער וויגן:
— ר׳ שמחה זיסלס משל ווייסט איר דאָך געוויס:
מיר וועלן לויבן עמעצן, וואָס היט אַ קראַנקן,
קריגט ער אָבער פאַר זײַן גוטסקייט וואָס ניט איז,
איז אים ניטאָ פאַר וואָס צו דאַנקען. —
דערזעט דער ראש הוועד אין שלמהס אויג אַ טרער,
נעמט ער אים באַרויִקן: באַבוניצער, ס׳איז שווער
צו ווערן אַ מחבר, לײַכטער איז צו ווערן אַ מבקר, —
קלעמט זיך ניט, איר שטייט ניט אָפּ פון אַנדערע...
כלאַוונע פילט דעם שטאָך, זײַן פנים פלאַקערט,
ר׳ אַבא וואַגט ניט מער.

דער וואַרשעווער דערזעט אַ שעת הכּושר,
כאַפּט אַרויס אַ ביכעלע פון קעשענע און שרײַט:
— אַי, אַי, האָב איך פאַרשריבן אויפטוען אַ סך!
ר׳ אַבא גיט אַ טאַפּ אים מיט די אויגן פון דער זײַט,
און זאָגט מיט אײַנגעהאַלטענעם געבייזער:
— אַ קאַרליקל האָט זיך צעשריִען בײַ דער נאַכט:
די וויג איז ענג אים, ער געוואָרן איז אַ גרויסער,
האָט מען ליכטיק אין דער גיך געמאַכט,
ערשט — דאָס קאַרליקל וואָס אַלע מאָל

ליגט צעוואַלגערט אין דער ברייט,
גוואַלדעוועט עס און באַרימט זיך אויפן קול, —
איר פאַרשטייט ?..

און ווידער ציט ר׳ אַבא אויס אַ געלע האַנט אַ האָריקע:
—, יוסף קאָוולער, גיט אַ שבועה אייביק בלייבן מיט נאַוואַרעדאָק, —
און נעמט אויף זיך קבלות נייע צו די פאַראַיאָריקע.
דער וואַרשעווער ווינקט כיטרע: הע, אַ כאַפּעניש,
ער כאַפּט די יאָלדן, ווי אַ גנב פון דעם פּלאַנקן — גרעט,
די מבקשים אָבער שטומען מיט האַרץ־קלאַפּעניש,
יעדערער דערמאָנט זיך, ווי מען האָט אין אים אַריינגערעדט,
ביז ער האָט צוגעשוואָרן, —
זיי קוקן אויפן קאָוולער, אויף ר׳ אַבאס טויטער האַנט,
זיי דריקן אָט די טויטע האַנט פון כמה יאָרן...

יוסף שטעלט זיך, קוקט זיך אום אין ווייבערשול,
ווי ער וואָלט הילף געזוכט אין חדר, —
דאָס ווייבערשולכל איז מיט שאָטנס פול,
און יוסף זאָגט פאַריאושט: כ׳טו אַ נדר
קיין מאָל פון ישיבה ניט אַוועקצוגיין,
אויף יום־טוב ניט צו פאָרן אין דער היים — קיין קאָוועל,
און אין זיין שבועה קלאָגט געוויין,
ווי אין דעם ערשטן קדיש פון אַן אָבל — — — —

שטיל איז אין בייַנאַכטיקן בית־מדרש, שטיל.
אין ווייבערשולכל וויגן זיך די שאָטנס
אויפן באַלקן, אויפן דיל,
און ס׳הוידען אויף די ווענט זיך טלית־קטנס...

# חשבון הנפש

דער שלעפּפעריקער וועד האָט זיך אין גאַס צעשיידט.
יוסף קאָוולער האָט זיך אויף אַ באַנק צונויפגעדרייט,
ער איז געלעגן אינעם ווייַבערשולכל און געחלומט פון דער מאַמען.

ס'האָט כלאַוונע אַ געערגערטער אַהיים געשפּאַנט,
ס'איז פריקרע אים געווען, ווען ער האָט זיך דערמאָנט,
אַז ער באַדאַרף מיט דעם פאַרקוועטשטן אָסטראָוואָלער נעכטיקן צוזאַמען...

דער אָסטראָוואָלער האָט אַרומגעשפּרייַזט אויף דער קוואַרטיר,
געלייגט זיך — אויפגעשטאַנען ווידער,

ער פלעגט אַ קוק טאָן יעדע רגע אויף דער טיר,
אַן אומרויִקער, אַ צעבראָכענער, אַ מידער.
ער האָט געהאָרכט אַ שטאַרער, אַ באַנומענער,
דעם דורשטיקן געוויין פון זײַנע גלידער,
געכליפּעט האָט זײַן גוף, אַן אָפּגעצערטער, אָפּגעקומענער,
ווי אַ קינד, פאַרלאָזן אין דער נאַכט, —
האָט ער זײַן קאָפּ פאַרגראָבן אינעם קישן,
געוואָלט זיך מיט דער פינצטערניש פאַרמישן —
און אומעטום זײַן הייסן לײַב געפונען,
זײַן גוף האָט אים געבּרענט,
תּאוותקע דמיונות האָבן אים פאַרשפּונען,
און אַרײַנגעדרייט צעווישן זײַנע קני — די הענט...

אָ, דער גיהנום האָט אַרויסגעשאָסן פון זײַן בעט אין פֿײַערצונגען,
איז ער ווי פון אַ ברענענדיקן הויז אַראָפּגעשפּרונגען,
אַ נאַקעטער געבּומען אומלויפן אין חדר ;
מיט זײַן לײַב אַליין ניט צו פאַרבלײַבן —
געשלעפּט אויף זיך מלבושים, קליידער —
און דעם קאַלטן שמייכל פון דעם ראש־ישיבהס בת־יחידה
ניט געקענט פאַרטרײַבן...

ער האָט אַרײַנגענומען אין די הענט דעם קאָפּ דעם מידן,
אים, דעם עלטסטן, וואָס דער ראש־ישיבה קען זיך ניט אַ ריר טאָן אָן אים,
קען פאַרבײַטן כלאַוונע — עפּעס דאָרט אַ יינגל מיט אַ שיינעם פּנים...

די טיר האָט זיך געטאָן אַן עפן.
כלאַוונע האָט זיך פון ר׳ אַבאס וועד צוריקגעקערט —

האָט ער גערעכנט טרעפֿן
דעם אַסטראָוואָלער אַ צונויפֿגעקאָרטשעטן, פֿאַרגעלט,
זיצן אויף דער ערד?..
דער אַסטראָוואָלער האָט זיך אויפֿגעשטעלט,
דעם מאַנטל ביזן קאָלנער שטאָלץ און בייז פֿאַרקנעפּלט:
— אויפֿן טיש ליגט אײַער חלוקה־געלט,
אין עלמערל ליגט ברויט, אין קיך שטייט טיי אין טעפּל.
ער האָט זײַן ברייטע גאָמבע אינעם קאָלנער ביזן מויל פֿאַררוקט
און אַרויס מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ. —
ס'האָט כלאַוונע לאַנג נאָך אויף דער טיר געקוקט,
דער שמייכל פֿון זײַן פּנים איז אַראָפּ...

דער אַסטראָוואָלער איז געהונקען דורך די אומעטיקע געסלעך,
געוואַקלט אויף צעדרייטע טראָטואַרן,
געוואָלט מבטל מאַכן זיך — ווי אַש צעשאַרן;
ווי זײַן קראַנקער הינקעדיקער פֿוס,
איז איצט אים איבעריק זײַן גאַנצער בידנער לעבן, —
דאָס גאַנצע מוסר לערנען איז אַ שטות,
אויב דאָס קען ניט קיין מנוחה געבן.

דער אַסטראָוואָלער האָט זיך אָפּגעשטעלט פֿאַרוווּנדערט —
די געסלעך האָבן זיך געשטויסן אַרום אים, צונויפֿגעפּלאָנטערט,
האָט ער געפּרוּווט איעדע גאַס צו אויסטיילן באַזונדער:
אָט איז די קיך, און אָט דערקאָנט ער
דאָס געסעלע, וואָס פֿאַלט אַרײַן אין ראָש־ישיבֿהס טיר,
אַנטקעגן פֿירט צו דעם בית־מדרש אַ בית־עולם־וואַנט,
דאָ חלומען די בחורים אין אָוונט אויף שפּאַציר —

איז ער אַ מידער צו דער קלויז אַװעקגעהונקען,
װי אַ קראַנקער פֿערד דעם קאָפּ אַראָפּגעזונקען,
און דער בית-עולם האָט אים נאָכגעשפּאַנט...

אַ בית-הקברות, אַן אַרומגעצױגענער מיט דראָט,
שטייט אין מיטן שטאָט,
איידער גאַסן האָבן דאָ אַ פֿלייץ געטאָן, װי שטורעמדיקע טײַכן —
זאָל ער זיך מיטן אַלטן פֿעלד פֿאַרגלײַכן?
דער קופּישקער, צו אונטערדריקן זײַן פּחדנות,
פֿלעגט גיין אין מתים-שטיבל שלאָפֿן אויף די טהרה-ברעטער,
און ער — צו אונטערדריקן זײַנע גלוסטונגען — צי װעט ער
לייגן זיך אויף שטעכעדיקן דראָט?
אָ, ניין, ס'איז אויף זיין גוף אים אַ רחמנות,
זײַן קראַנקע האַרץ אַ שאָד...

אַ בית-הקברות שטייט אין מיטן שטאָט,
דאָס לעבן פֿאַלט צו ביז דער װאַנט און שטאַרבט מיט איין מאָל אָפּ,
די הויכע פֿענצטער קוקן גאַװהדיק צום גרינעם פֿעלד אַראָפּ, —
שמייכלען די ענױװתדיקע קברים שטילערהייט:
אָ, הויכע מויערן,
האָט איר זיך קברים אָנגעגרייט?..

דער אָסטראָװאָלער איז געזעסן אין בײַנאַכטיקן בית-מדרש
און געװיגט זיך נאָכאַנאַנד.
אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, דעם שטערן אײַנגעדריקט אין שטענדערקאַנט,
די אויגן צוגעמאַכט — די פֿינצטערניש זאָל זײַן נאָך גרעסער,
און מיט אַ קברים-שטים, װי מיט אַ מעסער,
געװאָלט אַרויסשנײַדן פֿון זיך די טריפה אָדערן:

ווי קומט אַ מוסרניק צו האָבן תביעות —
אַ נאָוואַרעדקער זאָל פאָדערן?

„האָט איר שוין אָנגעגרייט זיך קברים?" —

ווי מען פרוּווט אַרויסנעמען פון טײַך אַ שטיין אַ שווערן,
האָט ער געוואָלט אַרויסנעמען פון זיך דעם ביטערן פּאַרדרוס:
אויף וואָס האָט ער אַזוי פיל יאָרן מוסר אָפּגעלערנט?
גיט עס אים ניט קיין מנוחה — איז עס שטות...

„האָט איר שוין אָנגעגרייט זיך קברים?" —

אַ שקר קען מען נאָר באַרעכטיקן דורך נײַע שקרים.
ער האָט זײַן קאָפּ אַכזריותדיק אין שטענדערראַנד געשלאָגן
ניט אויפגעהערט אין שטענדערלאָך אַרײַנצוקלאָגן:
וואָס-זשע איז געווען דער שקר פון זײַן לעבן?
ער איז אַרומגעפאָרן איבער רוסלאַנד און אוקראַינע,
געבושעוועט האָט הונגער, די מלחמה און מגיפה,
און זייער אַלטער רבי, ער, און די חברים זײַנע,
פלעגן כאַפּן יינגעלעך, ווי פון אַ שריפה;
געלויערט אין די שטעט, אויף אַלע באַנען,
אַרומגענישטערט אין דער שטעטלדיקער סביבה:
„ווּ פאָרט אַ בחורל? וווהין — פון וואַנען?"
און גלײַך אַוועקגעפירט אין דער ישיבה.
שלמהלע באַבוניצער און כלאַוונען — אַלע יונגע ווערן,
האָט ער אַהער געבראַכט אין קורצע הייזלעך ביז די קני —
קריגט כלאַוונע-איצט דעם ראש-ישיבהס טעכטערל,
און די ישיבה אויך — אין נדן...

דער אָסטראָוואָלער פילט אין קאָפּ אַ שווינדל, און אין האַרץ — אַ ברי:
אפשר דעמאָלט, ווען מען האָט געפירט זיי צען מאָל שיסן,
געשוואָלענע פון הונגער, אָנגעאָטעמטע מיט טויט,
צעלייגטע פון כאָלערע און פון קרעץ צעביסן, —
אפשר דאַן אָנשטאָט צו זײַן אַ באָלשעוויק,
איז ער געוואָרן גאָר אַ מוסרניק?

„האָט איר זיך קברים אָנגעגרייט?" —

דער אָסטראָוואָלער האָט געזוכט פון זיך דעם פלאַם אַרויסצוקריגן,
ווי פון שטיינער — פײַער פאַר אַ קנויט:
קען זײַן, אַז ער איז פרום געווען בלויז אין דער נאָנט פון רבין —
עס פלעגט אים וואַרעמען דעם אַלטנס שטים;
מען קען אויך פאַר אַ תּורה מקריב זײַן דאָס לעבן
ניט צוליב איר אמת — נאָר צוליב אָט די וואָס טראָגן אים...
דער אָסטראָוואָלער האָט גענומען העכער וואַיען,
געשלעפּט פון זיך מיט גליאיקע אָפּצווענגען,
געוואָלט זיך אויפן שאַרף פון חלף ברענגען:
שווער אַריבערטראָגן אַ פאַרשטאַנענעם בזיון,
צען מאָל שווערער ווען מען ווייס אַפילו ניט פאַר וואָס?
אין וואָס באַשטייט זײַן ביטערער פאַרדראָס:
האָט ער אַליין זיך אײַנגעשמועסט? — ניין!
כאָטש מען האָט אים גאָרניט צוגעזאָגט — ניט אָפּגענאַרט,
ווייס ער, אַז דער ראש־ישיבה האָט געוווּסט זײַן מיין,
און קיין מאָל ניט, אַפילו פון דער זײַט, זײַן פאַלשע האָפענונג צעשאַרט;
אפשר איז באמת מיר אַ שאָד די תּורה און די מי —
ענטפערט זיך אַליין דער אָסטראָוואָלער אין וויכוח —

אַ בחורל, וואָס האָט ניט לאַנג געטראָגן הייזלעך ביז די קני,
זאָל איבערפירן דעם בית־מדרש מיט זײַן רוח? —
אָ, ניין, ער מיינט עס ניט לשם שמים!
ער וועט זיך מודה זײַן — ווי גרויס ס׳איז ניט דער ווייטיק:
אים אַרט ניט פאַר דעם גײַסט דעם נײַעם,
נאָר וואָס ער, דער אָסטראָוואָלער, איז שוין מער ניט נייטיק...
דער אָסטראָוואָלער הייבט אָן העכער קלאָגן:
זאָל זײַן, אַז זי — איז עס געווען דער מיין פון זײַנע יאָרן?
ווי לאַנג עס ווייס ניט קיינער, וועסטו זיך אַליין ניט אונטערזאָגן
דײַן באַהאַלטענעם חסרון...
דער אָסטראָוואָלער האָט זיך אײַנגעבויגן,
די ציין פאַרשטשעמעט,
ווי ער וואָלט עפּעס פון דער טיף אַרויסגעצויגן:
געמיינט האָט ער, אַז זי באַגלייט אַ פרומע זײַנע טריט,
ווײַל ער — קען ער גלײַך זי נעמען,
און זי — ווײַל ניט?!..

ער האָט געמיינט זײַן פּרישות איז אַ פרײַע, ניט געצוווּנגען,
ס׳איז אַלץ אָן אים געווענדט, —
דערוואַרט אים ניט די וועלט מיט פולע הענט?..
און ס׳איז דער אָסטראָוואָלער אויפגעשפּרונגען —
ער האָט זײַן צער דערקענט.

אין הייסע נעכט האָט ער געהאַט אַ טרייסט:
זײַ שטאָלץ, דו ביסט אַ פּרוש — אייגנווילליק!
אומזיסט האָט ער זיך אָבער דער געפּײַניקטער געגרייסט —
ער איז דורך נויט, דורך צופאַל אַן אַסקעט...

עס וועט פאַרשטיין דעם חילוק
דער — וואָס עס דערהערט און עס דערזעט.

ער האָט אַרומגעווישט דעם שווייס,
אויפגעשטעלט זיך ערנסט, פייערלעך און בלייך:
ביי זיין גאַנצער מאַטערניש און גרויס,
האָט ער, דער אָסטראָוואָלער, ניט געקענט דערגרייכן,
וואָס אַ יינגל האָט דערגרייכט.

דער אָסטראָוואָלער האָט זיך אין אַ ווינקל איינגעטוליעט,
דער שטורעם אין זיין האַרץ האָט אָפּגעהוליעט.
איצט וועט ער זיך לאָזן שטייגן צו אַזעלכע הייכן,
ווו עס וועט ניט קיין מאָל שטייגן דער —
וואָס זיגט אין לעבן, קען צו אַלץ דערגרייכן,
ווייל דער באַזיגטער — קאָן דערגרייכן מער.

זיין גוף דער אָנגעצויגענער, דער אָנגעשפּאַנטער,
האָט אָפּגעציטערט, ווי דער שטריק פון אַ באַפרייטן בויגן,
זיין האַרץ האָט אויסגעוויינט דאָס ליד פון ר' ישראל דעם סאַלאַנטער,
און מיט ברענענדיקע טרערן האָבן מיטגעזונגען זיינע אויגן:

אָדם —
דער מענטש איז אין זיין דמיון פריי,
און אַ געבונדענער — דורך זיין געדאַנק.
זיין דמיון קרייזט אַרום זיין האַרץ,
ווי אַ רויבפויגל אַרום זיין פאַנג.

אין זינד ליגט די באַשטראָפונג,
און זאָל אַ מענטש ניט זאָגן:
פאַר וואָס זאָל איך אַ פרעמדע שטראָף
בחנם דאַרפן טראָגן?

אָ, קיינער קומט דיר ניט צו הילף,
דיר אויסצולייזן פון יסורים,
זאָל ווערן דער געדאַנק דײַן רודערער,
און ער וועט פירן דיר אין שטורעם.

דער אָסטראָוואָלער האָט דעם פּנים פון די דלאָניעס אויפגעהויבן,
עס האָבן אָפּגעצוקט פון זײַן געזיכט די לעצטע בליצן.
דאָס גרויע טאָגליכט איז אַרײַנגערונען דורך די שויבן,
אַ פאַרגליווערטער איז ער געבליבן זיצן.
ער האָט דערהערט אַ כליפּען אַ פאַרוואָרגענעם,
האָט ער זיך אויפגעשטעלט, און ווי אַ בלינדער,
וואָס גייט נאָך דאָס געוויין פון זײַנע קינדער,
געלאָזט זיך פירן פון דעם כליפּען דעם פאַרבאָרגענעם — — —
— — — — — — — — — — — — — — — —
יוסף קאָוולער איז געלעגן אויפגעדרייט אין ווײַבערשול,
אײַנגעדעקט אין מאַנטל און געפיבערט,
די אויפגעריסענע שוואַרצאַפּלען טרערן פול,
די בענקשאַפט אין זײַן האַרץ אַריבער:
ער האָט געזען אין גרויען שטיבעלע זײַן מאַמען.
פאַרטאָג. זי וויינט און שיילט קאַרטאָפל,
זי וויינט די אָרעמע, אַן עלנטע, און שפל, —
און פון דער ווײַט האָט ער געוויינט מיט איר צוזאַמען...

## די ביידושע

אין קלויז האָט איינגעשטילט זיך דאָס געוואַלד,
די העלדזער זיינען, ווי דער האַנטפאַס טרוקן,
עס איז קוים האַלבער טאָג — און ס׳פּאַלט
די מידקייט, ווי אַ ברעכעניש אַרײַן אין רוקן.
מען האָט זיך אָפּגעקריגט ביי דער גמרא,
די האַלב שעה מוסר אָפּגעשריִען,
געיאָגט פון זיך דעם יצר-הרע —
ווי לאַנג וועט זיך דער סדר ציִען?
כאַפּט מען אויף דערווייַלע זיך אַרויס,
איינגעהויקערט, דורכגעקעלטערטע אין בית-הכּסא,
איז דאָרט, להבדיל, ווי אין קלויז
פול — — — — — — —
שטייט מען ווי ביי שמונה-עשרה רייען אונטער רייען,
מען היט די געלע ציצית ביז די טריט, —
פון קלויז פאַרבלאָנדזשען פרומע אויסגעשרייען,
דאָ — רעדט מען ניט.
טרעפט, אַז עמעצער פאַרמאַכט זיך מיט אַ צייטונג אין אַ קעמערל
און לייענט...
מיט אַ מאָל דערהערט ער — ווײ, ר׳ אַבא קלאַפּט אין טיר,
פליט ער פון דעם קעמערל אַרויס געשווינדט,
ווי אַ צערייצטער ביק פון קו אַראָפּגעטריבן, —
נאָר ר׳ אַבא, שוין אין אַלע בית-הכּסאס אויסגעריבן, —
בייגט זיך איינעט און געפינט...

און מיט דעם ריח פון דעם אָסיענווינט
און פון השתנה,
וואַרפט מען זיך אַרײַן אין דעם בית־מדרש אָפּגעפּרישט.
מען שרײַט די בית־הכּסא־פּסוקים מיט כּוונה.
עס פֿאַלט אַ פּאַטש אין טיש,
צעשטעלט מען זיך צו דער פּאַרמנחההדיקער „בירזשע"
(מען רופֿט אַזוי בײַ די נאָוואַרעדקער די שעה, ווען פֿאַרן
גייען אום און שמועסן פֿון תּשובה־טעג און אייגענעם חסרון).
דער וואַרשעווער האָט זיך בײַם קאָפּעטקעוויטשער געשטעלט,
דער ווילנער לעבן קורצן טראָכנבראָדער; דער באַבוניצער — בײַם לאַנגן,
און ווי עס גייען שעפּעלעך — באַראַנעס נאָך אין פֿעלד,
זײַנען יונגע מוסרניקעס לעבן עלטערע געגאַנגען
צו דער הייליקער עבודה...
כלאַוונע האָט פֿאַרשפּעטיקט — בלייבט ער בײַ דער קלויזטיר שטיין:
אויפֿן מזרח הינקט אַרום דער אָסטראָוואָלער —
געבליבן זײַנען אויסן ביידע.
כלאַוונע דרייט זיך אַ געכאַפּטער: — זאָל ער
אין הונגעריקן פּיסק צום טיגער גיין?..
דער אָסטראָוואָלער גייט אַרום, ווי אין אַ שטייג — צעווישן בענק,
זײַן קאַנטיקער געזיכט איז הײַנט נאָך האַרטער,
די נידעריקע אַקסלען שטרענג,
כלאַוונע וואַרט אַן אײַנגעשפּאַרטער —
דער הינקעדיקער אָבער קען אַ בחור נאָך נעמען,
ער דרייט זיך אויס צום שטעל
און קנייטשט אַזוי צונויף די ברעמען —
אַז כלאַוונע גלײַכט זיך אויס ווי צום באַפֿעל,
און שטעלט זיך אָן אַ וואָרט אַנידער בײַ זײַן זײַט.

דעם אַסטראָהאָלערס קינבאַק שנײַדט אַרויס זיך האַרט,
צערודערט שמייכלט כלאַוונע צו דער ווײַט,
און וואַרט...

דער עולם איז אין שמועס שוין צעוואַרעמט,
עס שאַרן, שאַרן פיס, אַזש ס'הייבט זיך אויף אַ שטויב,
ווי ס'וואָלטן הונדערט וועגענער געליאַרעמט.
אָט שפּאַנט פאַרבײַ דער קורצער טראָכנבראָדער,
אַ ראָזעווער, אַ פולער, אַ געפּאַקטער ווי אַ יאָדער.
די לאַנגע שמאָלע הויזן פּלאַצן אויף זײַן שטײַפן גוף,
ציט ער זיי כסדר מיט דער לינקער האַנט אַרויף,
און דרייט זיך יעדע רגע אום מיט כעס
אויף זײַן חבר דעם שלימזל, דעם פאַרשפּיצטן פלאָקן,
וואָס האָט אויף דער קוואַרטיר פאַרטוישט די הויזן הײַנט אין האַסט.
דער לאַנגער טראָכנבראָדער קוקט צעשראָקן,
ער ווייס בפירוש ניט וואָס איז דער קורצער אין רציחה,
ער האָט נאָך זײַנע דאַרע פיס פון אַ בוטשאַן,
ניט באַמערקט אפילו אין די פרעמדע ברייטע פלודערן, —
דעם קורצן איז די בירזשע הײַנט ניט ניחא,
ער האַלט מיט די ידים אין איין רודערן,
און חיים ווילנער וויל אים אָניאָגן אין שפּאַן,
ווי אַ לאָשעקל — די קליאַטשע...
דוד קאַפּעטקעוויטשער, צעוואַקסן, הויך,
שפּרײַזט באַזאַכט און קאַטשעט,
ווי אַ פּאַס פאָרויס זײַן בויך,
און ווי אַ וועווערקע שפּרינגט אום פון סוק צו סוק,
טענצלט אַרום אים דער וואַרשעווער געשײַט און קלוג.

אויף דעם אָנגעקערטן מזרח הינקט אַרום דער אָסטראָוואָלער,
ער פילט בײַם זײַט דעם אויפגעבליטן יונג — און שאַרפער
שפירט ער ס׳אַר אַן אײַנגעבראָכענער ער איז און שמאָלער,
די מוסר־נאַכט האָט אים ניט דורכגעשרפעט...
כלאַוונע איז אוודאי שענער,
שיין — און צוויי מאָל העכער,
פשוט: פרויען האָבן ליבער הויכע מענער,
דאָס ווייסן פייגל אויף די דעכער,
ער, דער קלויזניק, האָט עס ניט געוווּסט —
באַפאַלט אַ צופעניש זײַן קראַנקן פּוס.
און אפשר — גיט ער זיך אַ כאַפּ ביים שטערן,
ער הערט אַ שנײיווינט און אַ מישעניש אין קאָפּ —
און כלאַוונע זאָל ניט זײַן געדאַנק דערהערן,
לאָזט ער זײַנע אויגן צו דער ערד אַראָפּ:
אפשר איז זי אַ באַשיידענע, אַ ייִדיש־פרומע טאָכטער,
האָט זי, דעם ראש־ישיבהס בת־יחידה אָפּגעפילט,
אַז ער איז אַ בעל־תאווה אַ צעקאָכטער —
ער שפירט ווי ס׳ווערן אים די הענט פאַרקילט:
כלאַוונע איז אַ שטילער, גאַנץ אין מעשים און געדאַנק —
און שלאַנק...
דער אָסטראָוואָלער גיט אויף כלאַוונען מיט אַזוי פיל האַס אַ קוק —
אַזוי פיל האַס און קנאה אין די בלאָנדזשענדיקע אויגן,
אַז כלאַוונע גיט אַהינטער זיך אַ רוק,
ווי אַ דראַגונער וואָלט אויף אים אַרויפגעפלויגן, —
דערפילט ער אָבער זײַנע הויכע אַקסל, שטײַפע ריפּן,
זײַן יונגן פריילעכן און גלײַכן טראָט,
און ער צעבײַסט אַ שמייכל מיט די ליפּן —
אַ שמייכל פון נצחון און פון שפּאָט...

דער קורצער טראָכנבראָדער קלינגט שוין הילכיק, ווי אַ גלעקל,
ער האַלט אָן אויפהער אין איין צושפּיליען דאָס רעקל,
און להכעיס שפּיליען זיך די קנעפּלעך אָפּ,
ער דרייט דעם גראָבן פינגער, קוועטשט מיט טראָפּ:
— די מעשה איז פאַרקערט גאָר, – שרייט ער ווי זיין שטייגער איז,
און טרעט זיין צוהערער דעם ווילנער אויף די פיס —
די מעשה איז פאַרקערט.
ווי שטייט אין נביא: „הערן האָב איך צוגעהערט,
אפרים טוט באַדויערן:
דו האָסט מיך געשטראָפט — און איך בין אַ געשטראָפטער,
ווי אַ ניט־געפּרוּווטע קאַלב״ —
די מעשה איז פאַרקערט — אַ מענטש, וואָס האָפט ער,
אויב זיין תשובה איז אויף האַלב?
אַ מענטש, וואָס זאָגט זיך אָפּ פון עבֿר בלויז פאַר לייטן,
און ווערט ניט ווי אַן עופל — ניי געבאָרן,
און ווערט זיך ניט אין זעלבן טאָג צו בעסער צען מאָל בייטן —
איז ער קיין בעל־תשובה ניט געוואָרן.
פאַרקערט... — דער קורצער וואַרפט זיין גראָבן פינגער אין דער לופט אַרויס
און קערעוועט מיט חיים ווילנער פלינק זיך אויס.
פון הינטן שטעלט דער לאַנגער טראָכנבראָדער שטילע טריט,
די הויטיקע בלוט־אָפּגעצאַפּטע באַקן
באַוועגן מיט די געלע ציין — קיין ווערטער הערט מען ניט,
הייבט זיך שלמה אויף די שפּיץ פיס אונטער.
דער לאַנגער פליסטערט: פּ אַ ר פּ אַ ל ן, איין מאָל שוין פאַר אַלע מאָל:
„גייסטו ניט אַרויף — מוזטו גיין אַרונטער״,
פּ אַ ר פּ אַ ל ן, פּ אַ ר פּ אַ ל ן – חזרט ער כסדר מיט אַ טויטן קול,
שאָקלט מיט זיין לאַנגער נאָז דערבײַ,
און גייט מיט דעם באַבוניצער פאַרבײַ.

דער למדן דוד קאָפּעטקעוויטשער הערט כּלומרשט שטאַ־ק אַרײַנגעטראַכט —
און היט זיך ניט אַרויסצושיסן אַ געלעכטער, —
דער וואַרשעווער, דער ממזר, לצעוועט און לאַכט,
ער לעסטערט אַלעמען און אַלץ פאַרשוועכט ער:
— ר׳ דוד — ווײַזט ער אויפן קורצן טראָכנבראָדער מיט אַ גנביש שמייכל —
איר זעט דעם טלית־קטן אויפן הינטערטייל — ס׳איז אַ פּרוכת,
און הינטער דעם געפינען זיך צוויי תּורות אין אַ היכל — — —
דער למדן האַלט זיך מיט די לעצטע כּוחות
ניט אַרויסצופּלאַצן,
ער קוקט זיך אומרויִק אַרום אין דעם בית־מדרש,
נעמט די פעטע גאָמבע קראַצן,
און הויך: איר ווייסט דאָך, וואַרשעווער, דעם מדרש — — —

דער אַסטראָוואָלער האָט זיך אָפּגעשטעלט בײַם עמוד,
די אָרעמס אָנגעשפּאַרט אָן ברעטל ווי צום דאַוונען,
פאַרשטעלט דאָס פּנים און גערעדט צו כלאַוונען:
— דער גרעסטער חוטא ירבעם בן נבט,
האָט אויפגעשטעלט צוויי קעלבער: דאָס איז אײַער גאָט!
גאָט האָט אים געזאָגט: טו תּשובה, טו,
מיר וועלן זאַלבעדריט שפּאַצירן אין גן־עדן,
בן ישי, איך און דו.
פרעגט דער רשע: ווער — דער ערשטער פון אונדז ביידן?
אויב דער ערשטער דוד,
וויל איך ניט דעם גאַנצן כּבוד — — —
דער אַסטראָוואָלער נעמט די הענט צו פון די אויגן מיט אַ מאָל,
און אונטערערדישער געדונער הערט זיך אין זײַן קול:
— ווי גרויס דאַרף זײַן דער חוטא,
וואָס זאָגט זיך אָפּ פון גאָטס חברותא — אַ פאַרשאָלטענער לדורות,

אַבי ניט זײַן דער צווייטער?
כּלאָוונע לויערט מיט פּאַראיבל און מיט מורא:
וווּ וויל אים דאָ דער אָסטראָוואָלער כאַפּן?
דרייט ער זיך: עס זאָגן די חז"ל — — —

ס'גיט זיך די בית־מדרש־טיר אַ פּראַל —
ר' אַבּא פֿאַלט אַרײַן מיט אַ געיאָמער,
אַז עס בלײַבּט די גאַנצע בּירזשע מיט אַן אויפגעריסן מויל —
ר' אַבּא שרײַט: ניטאָ מער, אוי, ניטאָ מער,
כ'האָבּ אים אַרומגעזוכט אי דאָרט אי דאָ,
ניטאָ — ער איז אין ערגעץ שוין ניטאָ.
— ווער? — שרײַט אויס דער גאַנצער עולם — ווער?
ר' אַבּא קרעכצט, ווי דורך אַ טוך אַ וואָלענער
אויף צײַנער אָנגעשוואָלענע:
— דער קאָוולער! יוספל, ער איז אין ווײַבּערשול געשלאָפן —
און פאַרטאָג אַנטלאָפן...
ר' אַבּא נעמט אַ ווילדער אומלויפן אין קלויז:
— אַזוי פיל מוסר אים געלערנט,
איך בין שולדיק, שלײַדערט מיר אַרויס,
ער וועט קאַליע ווערן, קאַליע ווערן, —
און ווי אַן אָפּגעבּרענטע חיה נעמט ער הוילן...

שלמהלע באַבּוניצער צעעפנט זײַנע תמימותדיקע אויגן.
ער דערמאָנט זיך זײַן אַוועקפאָרן אין פּוילן:
די הענט אָראָפּגעלאָזט, אין שווארצן שאַל,
שטייט אַן אײַנגעשרומפּענע די מאַמע בײַם וואָקזאַל,
עס שרײַען אירע גרויע האָר אין ווינט.

די רעדער רודערן, ער הערט איר הארצן קלאפּן.
אירע אָפּגעוועלקטע ליפּן ציטערן: מײַן קינד,
איר שאַלכל פּליט, ווי זי וואָלט וועלן אים דערכאַפּן, —
ער פילט דער מאַמעס שאַלכל פלאַטערן אַרום זײַן קאָפּ,
אין שלאָף, בײַם וועד, בײַ דער גמרא, —
און ס'ווייס ניט שלמהלע: זאָל ער מקנא זײַן דעם קאָוולער,
אָדער זען אין אים דעם יצר־הרע?
דער וואַרשעווער כיכיקעט צו דעם קאָפּעטקעוויטשער מיט חוזק און הנאה:
— אויך איך אַנטלויף, ווי איך באַקום אַ היתר אויף הוראה.
דער לאַנגער טראָכנבראָדער אָבער צופּט אַ האָר פון גאָמבע,
און מעקעט: אין דער היים אַנטלאָפן? — שרעקלעך...

פלוצלונג פלאַצט אַרײַן אַ באָמבע,
עס קײַקלען זיך דעם שוועל אַריבער — פּעקלעך,
און יוסף קאָוולער קומט אַרײַן — — —
ער ליגט שוין אין ר' אַבאַס אָרעמס אײַנגעקלעמט.
יוסף דרייט אַוועק זײַן קאָפּ פאַרשעמט:
— איך האָב געוואָלט דער מאַמען זען, —
בייגט ער זיך, ווי צו דעם טאַטנס קבר — צו דער ערד.
— איז וואָס געשען?
— איך האָב פון מיטן וועג זיך אומגעקערט — — —

דער אָסטראָוואָלער כאַפּט אָן כלאַוונעם בײַ דער האַנט:
— געוועזן איז ירבעם בן נבט אַ רשע מרושע,
אַ מענטש טאָר אָבער אָפּט ניט איבערלעבן שאַנד,
ער טאָר ניט בלײַבן לעבן מיט זײַן בושה.
איך — וואָלט ניט צוריקגעקומען! —
און ער דערפילט אַ זאַלציקע ניטגוטקייט אויפן גומען...

# די מוסרניקעס גייען

„די מוסרניקעס גייען!‟ —
עס שטעלן אָפּ זיך די פאַרהאַוועטע און טומלדיקע געסלעך,
נײַגעריקע לויפן אָן די הערינג־קרעמערלעך און באַלעבעסלעך.
די קינדער טראָגן זיך מיט אַ געפּילדער,
די גאַס ווערט לוסטיקער און ווילדער.

„די מוסרניקעס גייען!‟
הערצער אויפגעכראַסטעטע, אַרומגעריסענע, אין אויסגעדרייטע שיך,
די פּאָלעס — הפקר אויפן ווינט,
די לאַנגע ציצית באַמבלען זיך — זיי אײַלן זיך געשווינדט
צום מיטאָג אין דער קיך.

„די מוסרניקעס גייען!‟
זיי לויפן דורך דער גאַס — אַדורכן גיהנום פון נסיון,
מחנותווײַז, ווי היישעריקן דורך די פײַערן אַרום אַ פעלד;
אַ מוסרניק וועט זיך אַליין אין גאַס ניט טרויען
צו בלײַבן פנים קעגן פנים מיט דער וועלט...

„די מוסרניקעס גייען!"
קומען זיי אַנטקעגן אַ קאָמפּאַניע מיידלעך,
אַרבעטאָרינס ערשט אַרויסגעשאָטן פון פאַבריק,
נעמען זיי זיך דרייען מיט די קלויזניקעס אין דריידלעך,
די נאַוואַרעדקער דערלאַנגען זיך אַ לאָז צוריק, —
דעמאָלט ווערט דער קורצער טראָכנבראָדער רעכט אין כעס,
און וואַרפט די חצופות אין די זײַטן ווי די קניידלעך...

„די מוסרניקעס גייען!"
אַ בחור אויף אַ ראָג פון גאַס
דרייט אַוועק זיך מיט פאַראַכטונג: שוואַרצע ראָבן!
דער האָריקער ר' אַבא גיט אויף אים אַזאַ צעגליטן קוק,
אַז ס'ווערט אים אומהיימלעך, ער לאָזט זיך מיטן ברוק.
ר' אַבא זאָגט: מיר עסן ניט נבלה ווי די ראָבן,
מיר דאַרפן אײַך — אַ לעבעדיקן האָבן...

„די מוסרניקעס גייען!"
די הענט אַהינטער קומט אַנטקעגן זיי דער דיין,
ער שאָקלט מיטן קאָפּ: אַ הילוך — ס'איז אַ חילול השם.
די מוסרניקעס רינגלען אים אַרום מיט שפּאָטישע העוויות:
— וואָס זאָגט איר ניט אויף אים?
אַ פערטל שעה פון חשבון, האָט איר ווען געהאַט אין אײַער לעבן?
אַ רב זײַט איר? — אַ באַלעבאָס!
דער דיין כאַפּט זיך אָן ווי פון אַ זעץ — בײַם נאָז:
— אַזוי אָ רעדט מען צו אַ רבין?..

דער עולם רײַסט זיך דורך דער שמאָלער טיר אין קיך,
מען וואַרפט אַראָפּ פון זיך די מאַנטלען גיך,
די בגדים דרייען זיך אַרום אין אַוויר,
און פאַלן אויף די טישן, אויף די בענק.
דער קורצער טראָכנבראָדער שרײַט צופרידן צו זײַן חבר
(איצטער זײַנען אים דעם לאַנגנס פלודערן ניט ענג):
— די מעשה איז פאַרקערט, —
דער לאַנגער טרייסלט מיטן קאָפּ: ס'איז פ אַ ר פ אַ ל ן, פ אַ ר פ אַ ל ן, —
ער שלעפּט זײַן מאַנטל אויף דער ערד,
און אַלע אויסגעהונגערטע געזיכטער שטראַלן.

דער וואַרשעווער דערלאַנגט אויף גיך אַ וואַש די פינגער,
און זעצט זיך גלײַך אַרײַן אין מיטן טיש: המוציא.
— ניטאָ קיין ברויט!
דער עולם האָט דערפילט אַ ווייטיק אין די צינגער.
ר' אַבא קלאַפּט דעם וואַרשעווער אין פלייצע:
מילא, איר מוזט צוּוואַרטן, ניטאָ קיין עצה,
שווײַגט — און לערנט זיך דורך שווײַגן — ריידן.
דער קורצער טראָכנבראָדער לאַכט: ער קען זיך אויסלערנען צו שטומען, —
עס האָט דער וואַרשעווער אַ קוק אַזאַ געטאָן אויף ביידן,
אַז אַלעמען האָט אַ געלעכטער אָנגענומען.
בײַם לאַנגן טראָכנבראָדער מיט די גלעזערנע בלוט-אָנגעפילטע אויגן,
האָט די גרינע נאָז זיך לענגער אויסגעצויגן,
ער שאָקלט מיטן קאָפּ און פליסטערט:
— איך בין אַ מאָל אַן אורח, און איך נעם אַ מאָל אַן אורח —
אַ מענטש איז דען דער שפּײַזער?

דער וואַרשעווער פֿאַרקרימט זיך: קעסטקינד דו אומזיסטער,
דו בעטלסט אַלע מאָל אין פרעמדע הײַזער.
דער קורצער שרײַט: בטבע, קען זײַן, בין איך אויך אַ פרעסער,
באַקלאָגן אָבער וואָלט איך זיך באַדאַרפֿט, ווען מיר גייט בעסער, —
נאַוואַרעדאָק ווערט שטאַרקער גראָד אין נויט. —
אַזוי דערלאַנגט מען פּשטלעך אָנשטאָט ברויט,
און אַגב אורחא קוקט מען אויף דער גאַסטיר פֿון דער זײַט.
ביז דוד קאַפּעטקעוויטשער בלאָזט אָן זיך ווי אַן אײַטער:
— ניטאָ קיין גשמיות — טאָ האַלט ניט קיין ישיבה־לײַט.
קאַרג ישיבות — בלאָזט ער אַ באַליידיקטער זיך ווײַטער,
און באָמבלט גאַוהדיק די קייט פֿון זייגער.
עס בלײַבט פֿאַרגאַפֿט דער עולם,
דער וואַרשעווער קוועלט אָן, — נאָר זיצט געפּגרט
און פֿאַרגולמט...
— מזל־טוב, ס׳איז דאָ שוין ברויט!
ר׳ אַבא שטופּט צוויי לאַבנס צו דעם קאַפּעטקעוויטשער: האַלט פֿעסט.
דער למדן ווערט באַגאָסן, אָנגעפּאָמפּעט רויט.
ר׳ אַבא בעט בײַ אים זיך העפֿלעך: עסט,
אַזאַ אָ מופלג האָט נאַוואַרעדאָק נאָך ניט געהאַט;
מיר וועלן הונגערן — איר זאָלט האָבן אַלץ צו זאַט.
אַ קלייניקייט, איר האָט פֿון בריסקער גאון סמיכה, —
און ר׳ אַבא שפּריצט מיט גוייִשער רציחה.

אַלע דרייען מיט אַ מאָל די קעפּ אַוועק, —
דער אַפּיקורוס משה ליבער קומט אַרײַן אין קיך,
ער זעצט זיך צו בײַ חיים ווילנערס ברעג,
און גראָבט אַרײַן אין טעלער דאָס געזיכט.

ר׳ אַבא טײלט חלקים פלײש: ער הײבט אָן פֿון די װינקלבענק,
און װען ער קומט צום װאַרשעװער,
גיט ער זיך צום אַנדער ברעג אַ קער
פֿאַרחושט, װי ער װאָלט אין דעם סדר ניט געדענקט.
דער װאַרשעװער קוקט גיריק, בײז, די אױגן קריכן אים אַרױס,
און קומט זײַן רײ שױן פֿון דער צװײטער זײַט,
מעלדעט דער מחלק קורץ: ניטאָ קײן פלײש.
דער װאַרשעװער שפּרינגט אױף און שרײַט:
— סטײַטש?.. ר׳ אַבא שמײכלט קאַלט: איך קען ניט העלפֿן,
ס׳האָט אױסגעפֿעלט. עס קען אין קיך ניט זײַן דער ערשטער,
װער עס קומט צום לערנען אַרום צװעלפֿן...
שלמהלע באַבױניצער רוקט אָפּ פֿון זיך דעם טעלער:
— איך טאָר קײן פלײש ניט עסן — זאָגט ער —
מיר איז פֿאַרװערט פֿון דאָקטער.
און װי זײַן טבע װערט ער רױט, פֿאַרשעמט:
— װאַרשעװער, איך בעט אײַך, נעמט...

חיים װילנער בײגט זיך אָן צום אַפּיקורוס, שטילערהײט:
— כלאַװונע און דער אָסטראָװאָלער עסן ניט אין קיך?
משה ליבער װאַרפֿט אַרױס פֿון טעלער רײד,
װי די בײנער פֿון דעם פלײש אַהינטער זיך:
— װי לאַנג זײַט איר אָט דאָ אין קעסלגרוב, װי לאַנג?
זײ עסן בײַ דעם ראש־ישיבה — די יחסנים!
ליבער בלײַבט פֿאַרשטומט... אין מיטן קריכט אַרײַן אַ פּנים:
ר׳ אַבא װאַקסט אױס צװישן זײ אין באַנק.
דער עולם שמײכלט, און דער װאַרשעװער נעמט לאַכן:
ר׳ אַבא היט — דער אַפּיקורוס זאָל אַ תּם ניט קאַליע מאַכן...

# באַרוועס...

פרײַטיק האַלבן טאָג אויף דער קוואַרטיר,
דער טיש האָט אויסגעפּוצט זיך מיט אַ ווײַסן טישטוך,
אַפילו די פאַרשמירטע שויבן אין דער טיר,
האָבן שבת־קודשדיק אַרומגעווישט זיך.
כלאַוונע אָבער איז ניט אויפגעלייגט,
ס׳איז אָנגעדראָלן זײַן באַשטענדיקער צעשמייכלטער געזיכט,
יעדע רגע גיט ער זיך צו זײַנע פיס אַ בייג —
ער גייט אָן שיך...
ער האָט די באַלעבאָסטע דרײַ מאָל צו דעם שוסטער שוין אַראָפּגעטריבן,
בײַם שיכור דעם לאַטוטניק איז נאָך דינסטיק, קאָנטיק,
הלוואי וועט זײַן די שיך נאָך שבת מאָנטיק.

דער אָסטראָוואָלער ליגט און קרעכצט אויף דער קאַנאַפּע, —
וואָס גייט עס איצטער כלאַוונען אָן?
ער קוקט אויף זײַנע אָפּגעפּרישטע הויזן, אויסגעפּרעסטע קלאַפּעס,
ער איז אין גאַנצן שבתדיק אָרומגעטאָן,
און נאַ דיר — שיך...

דער אָסטראָוואָלער ליגט, די פינגער אויף די אויגן ציטערן, —
וואָס האָט ער דען צו קוקן?
ער זעט מיט צוגעמאַכטע אויגן כלאַוונעס רוקן — — —
און זײַנע ליפּן צוקן אויס אַ שמייכל אַ פּאַריאושטן, אַ ביטערן:
דעם ייִנגל ציט אין ראש-ישיבהס שטוב די בת-יחידה...
נאָר ער קען בלײַבן פיבערן אויף דער קאַנאַפּע.
אויף זײַנע פינגער האָט אַ טרער אַרויפגעקאַפּעט, —
ער רופט, ווי דורך אַ חלום, אויסגעצויגן, שווער:
— כלאַוונע — יענער ענטפערט ניט און קוקט אין גאַס אַרויס.
— כלאַוונע — יענער גיט קאַפּריזנע ייִנגלש זיך אַ קער:
— וואָס איז?.. דער אָסטראָוואָלער פילט, דאָס לעבן רינט אים
פון די פינגער אויס:
— כ'פיל זיך עפּעס הײַנט ניט גוט,
וועל אין ערגעץ שוין ניט גיין —
דער אָסטראָוואָלער ווערט אַלץ שוואַכער פון מינוט —
פּאַסט אָן מײַנע שיך... זיי זײַנען אײַך ניט קליין?
מיר טראָגן, דוכט זיך מיר, דעם זעלבן נומער — — —
דער יונג פול חשד און דרך-ארץ שטייט אַ שטומער.
פאַר וואָס גאָר דרך-ארץ — ווערט דער אָסטראָוואָלער דורכגעצאַפּלט,
נעמט! — דרייען אויס זיך זײַנע הייסע טונקעלע שוואַרצאַפּל.
כלאַוונע שפּרייט פונאַנדער זײַנע הענט: וואָס רעדט איר?

דער אָסטראָוואָלער זעצט זיך אויף: וואָס איז?!
איר מוזט דאָך ערגעץ צוגיין?.. זעט איר! —
און ער ציט אַראָפּ די שיך פון זײַנע פיס...
— ניין! — שרײַט כלאָוונע זיך אַליין אַריבער אַ דערשטוינטער.
דער אָסטראָוואָלער קוקט, ווי אַ ניט־דאָיִקער: וואָס מיינט ער?
— וואָס הייסט? זיי זײַנען ניט פאַרשמוצט,
איך האָב לכבוד שבת זיי אַרומגעפּוצט.
איר האָט דאָך שוין געטראָגן מײַנע שיך אַ מאָל,
איך האָב אין מײַנע שיך די גרענעץ אײַך אַדורכגעפירט — — —
גלײַען טרערן אין זײַן קול.
כלאָוונע האָט זיך קיין מאָל ניט אַזוי געשפּירט.
— נו — ווערט דער אָסטראָוואָלער אומגעדולדיק אויפגערייצט —
פּאָלגט, איר האָט דאָך דרך־ארץ — גיט דאָס בלוט אין פּנים אים אַ פלייץ —
איך וועל אַליין אַ קוק טאָן, צי זיי פּאַסן — שרײַט ער אויפגעקאָכט.
דער יונג טרעט אָפּ. דער אָסטראָוואָלער גייט אים נאָך
און נעמט מיט ציטעריקע קני צום דיל זיך בויגן — — —
כלאָוונע גיט אַ שפּרונג, ווי ער וואָלט פון אַ קלאַפּ זיך אָפּגעוועהרט.
דער אָסטראָוואָלער עפנט ווי פון אַ קאָשמאַר די אויגן,
ער שטעלט זיך אויף פּאַמעלעך פון דער ערד,
און דורך פאַרקריצטע ציינער זישעט ער אַרויס:
— נעמט די שיך, איר הערט! —
און לויפט אַרויס אין צווייטן חדר.
ער ליגט אַ ציטעריקער אין אַ שטול, באַדעקט מיט שווייס;
ער האָט נאָך קיין מאָל ניט געפילט אַזוי די שלייפן,
די שטעכעדיקע האָר פון זײַנע ברעמען, —
ער וויל צוריק אין חדר לויפן:
ער וועט נעמען!? ער וועט נעמען?!

פון יענעם חדר בלאָזט, ווי אַ דערמאָרדעטער וואָלט דאָרט געלעגן.
מיט אַ מאָל — אָפּצאַסן אויפן דיל.
אַ טיר שפּרינגט אָפּ — און שטיל.
דער אָסטראָוואָלער כאַפּט זיך אויף פון זײַן חלשותדיקן שווידער:
איז ווער אַוועק? איז ווער געקומען?
ער לויפט אַרײַן אין צווייטן חדר: —
ער האָט גענומען!..

כלאַוונע האָט געלאָזט די טיר האַלב אָפן,
און אַראָפּגערונען פון די שטיגן גיך,
ס'איז עמעצער אַ באָרוועסער אים נאָכגעלאָפן:
— מײַנע שיך!..
כלאַוונע האָט זיך האַסטיק אומגעקוקט ניט ווילנדיק —
זײַן שאָטן האָט, אַ לאַכיקער, באַוויזן אָפּצושפּרינגען קוים:
דער עמעץ איז אַ באָרוועסער געבליבן אין דער היים...
איז ער אַוועק ווי זינגענדיק און שפּילנדיק.
די הײַזלעך זײַנען אים געטרײַ פון ביידע זײַטן נאָכגעגאַנגען,
מיט ווײַסע פאָרהאַנגלעך די שײַבעלעך פאַרהאַנגען.
אַ באָבע אויף אַ טרעפּל שטעלט זיך אויף: — אַ תּלמיד־חכם!
די אַלטע זאָגט מיט בענטשנדיקע ליפּן נאָך אים:
— הלוואי אויף מײַנע אייניקלעך געזאָגט געוואָרן.
כלאַוונע שמייכלט, כאָטש עס איז אין לינקן שוך אים ענג:
דער אָסטראָוואָלער האָט זיך אָנגעזעצט אויף מײַנע יאָרן,
ער גייט אַרום אַ פינצטערער און שטרענג,
באַשמעקט מיר אַ געבויגענער, און ווען ער הייבט די אויגן אויף,
דוכט זיך מיר — אָט וואַרפט ער זיך אויף מיר אַרויף.
איך בין שולדיק? — קוועלט ער שוין פון זײַנע שיך וואָס גלאַנצן —
האָט ער געוואָלט זיי אָנטאָן, אלא וואָס — ער פילט זיך ניט אין גאַנצן,

נאָר כלאַוונען זײַנען ענג די שיך און ענג איז אים אין דער מחשבה —
נעמט ער גיכער שפּרײַזן:
דער אָסטראָוואָלער האָט אַ פּעולה אין הטבה
געוואָלט דורך דעם באַווײַזן.
שווער איז מיר געווען די שיך צו נעמען, שווער,
נעם איך ניט — וואָלט איך אים שטאַרק געקרענקט,
איך האָב געטאָן דורך דעם פאַר אים פיל מער,
ווי ער פאַר מיר —
האָט כלאַוונע ענדלעך זיך באַדענקט
און געעפנט אַ באַרויִקטער דעם ראש־ישיבהס טיר.

אין קיך האָט כלאַוונע זיך פאַרלאָרן אין די פאַרעקנוילן.
זיי האָבן אים אַרומגענומען היימיש וואַרעם — אַ מחיה.
ביסלעכווײַז האָט זיך די פאַרע ווי אַ ציבעלע גענומען שיילן,
ער האָט דערזען די קעכין חיה,
וואָס האָט מיט פרומע אויגן און מיט הענט געניטע,
געכאַפּט די טעפּלעך פון דער פּליטע.

כלאַוונע איז אַרײַן אין גרויסן ספרים־חדר.
דער עולם אַרום טיש האָט זיך אָוועקגעדרייט פון שמועס,
ער האָט אויפגעכאַפּט פאַרשפּיצטע ווינקען, תנועות,
מען האָט געשלעפּט פון אים די שיך, די קליידער, —
פאַרריסן איז ער דורך אין עסצימער, —
די שושקעניש אין ספרים־חדר האָט אים ניט געקימערט.

אין עסצימער: די טראָכנבראָדער רײַבן זיך אָן וואַנט.
דער ראש־ישיבה רעדט צו זיי, די פּאָלע פון סורדוט אין האַנט.

— טראָכנבראָדער, זייט מקבל קנין, איר וועט מאַכן
אין אַ שטעטל אַ ישיבה־קטנה,
צום יום־הדין באַדאַרף מען זכותים, —
דער לאַנגער קוקט, ווי ער וואָלט ניט פאַרשטאַנען,
וואָס טרעט דער קורצער אויפן פוס אים:
— אַוודאי דאַרף מען — זאָגט דער קורצער — אָבער אָנהייב זמן?
דער ראש־ישיבה זעט: ער וועט ניט פועלן און דרייט זיך אָפּ צום טיר.
כלאַוונע גיט אַ זיכערער פאָרויס אַ שפּאַן:
— איין קשיא נעכטן אויפן שיעור — — —
דער ראש־ישיבה לייגט אויף אים אַרויף אַ פּאָטערלעכע האַנט:
— שפּעטער כלאַוונע... און ער עפנט אויף די טיר אין ספרים־חדר.
די טראָכנבראָדער שיטן זיך אַרויס, און כלאַוונע — איידער
ער גייט מיט — באַווייזט אַ קוק טאָן אויף דער שלאָפשטוב... צוגעמאַכט!
דאָרט זיצט די רביצן און זי, דאָס מיידל — — —
כלאַוונע גייט אַרויס אַ ניט־צופרידענער און אויפגעבראַכט,
דער ראש־ישיבה לאָזט אים דורך באַזונדער איידל,
און רופט אין ספרים־חדר: דוד קאַפּעטקעוויטשער, זייט מוחל.
דער למדן פּוישט מיט שווערע טריט,
אין ספרים־חדר בלייבט דעם ראש־ישיבהס שמייכל...

דער לאַנגער טראָכנבראָדער דרייט אויס זיינע שיטערע שוואַרצע פּלען:
— דעם אָסטראָוואָלער זעט מען עפּעס ניט?
דער קורצער שטורכעט אים, ער זאָל ניט פּלאַפּלען.

כלאַוונע שטייט צעווישן עולם אין דער מיט,
ער בלאַנצט מיט זיינע נייע שיך, און מיט חידושים נייע:
— דער „תשבץ" פרעגט, ווי קומט עס, אַז אביי...

אין עסצימער: דער קאַפּעטקעווישער שטייט בײַם קאָמאָד,
ער קראַצט די פּעטע גאָמבע באַלעבעסלדיק, פּאַרלעגן,
דער ראש־ישיבה שפּאַנט אַרום מיט אַ נערוועזן טראָט,
און שטעלט זיך ראַש אַוועק דעם קאַפּעטקעווישער אַנטקעגן:
...איז וואָס וועט זײַן דער סוף פון ענין?
נעכטן איז געוועזן ווידער דער מחותּן,
ער ערגערט זיך — וואָס וואַרט מען מיטן קנין?
דער ראש־ישיבה הייבט אָן נאָך אַ מאָל מיט גוטן:
— זעקס יאָר קעסט בדיוק, ממש ווי איין וואָך,
אַ שיינער שווער, אַ רײַכע הויז — וואָס ווילט איר נאָך?
און וואָס דער בתולה שײַך — איז ניט שײַך,
איר האָט דאָך אָנגעקוקט... מײַן ווײַב,
די רביצן — פאַרריכט דער ראש־ישיבה זיך אַליין — זאָגט אויך,
אַז וואָס דער בתולה שײַך —
בקיצור — זאָגט דער ראש־ישיבה שטרענג און הויך —
איר ווילט אַ קנין אָדער תּנאים?

דער בחור איז געווינט צו דעם און ענטפערט קאַלט:
— דער מחותּן איז געוויס אַן ערלעכער, איך טרוי אים,
איך האַלט ניט אָבער בײַ דער בײַ, איך האַלט —
איך מיין, איך האָב אַ שוועסטער, וואָס איז עלטער — — —
דער ראש־ישיבה צינדט זיך אָן: דער עלטער תּירוץ.
דער בחור ווערט אַלץ אָנגעבלאָזענער און קעלטער:
איך מוז עס ווערן גראָד דורך אים אַ חתן?
אַ חלק האָט ער· אײַנגעלייגט? — ער מאָנט! ער פּאָדערט! —
ווערט בײַם קאַפּעטקעווישער דער קאַריק רויט־פּאַרגאָסן,
נאָר ער שווײַגט אויס דרך־ארץ.

דער ראש־ישיבה רופט: רחמיאל טראָכנבראָדער.
דער לאַנגער קריכט אַרײַן מיט אויסגעסטאַרטשעטע אויגאַנעס.
דער קאַפּעטקעוויטשער דערפרייט זיך: ברוך שפּטרני, —
און ווייל וואָס גיכער ווערן נעלם,
דער ראש־ישיבה אָבער רופט צוריק פון שוועל אים:
— בלײַבט! — און צום אַרײַנגעקומענעם מיט אַ ירגזון,
ווי זיי וואָלטן אין אַ מיטן שמועס ערשט געלאָזן:
... איר דאַרפט דעם שידוך טאָן — און אין בית מדרש בלײַבן.
מוצאי יום־טוב וועט איר תנאים שרײַבן
מיט דער קעכין חיה...
דער קאַפּעטקעוויטשער צעפּראַלט דאָס מויל פול שטוינונג,
דעם ראש־ישיבהס אויגן שיסן:
— זאָלן אַלע הערן, אַלע מעגן וויסן,
אַז אַ בעל־מוסר מאָנט ניט פאַר זײַן תורה אַ באַלוינונג
פון תרפ"ט אלפים,
שטענדיק זײַן בײַם שווער אויף קעסט;
טראָכנבראָדער, איר וועט שלאָפן ווײַטער ווי איר זײַט געשלאָפן,
און עסן ווי אַן אמתער בן־תורה עסט.
די קעכין — ציילט דער ראש־ישיבה שטרענג די ווערטער —
פלעגט אויסטראָגן פאַר גבירים מילך און גוט פאַרדינען,
האָט זי געוואָלט אַ קעכין זײַן — אַבי זיך אין אַ פרומען הויז געפינען —
דאָס איז אײַער זיווג דער באַשערטער.
און חוץ דעם — קוקט דער ראש־ישיבה זיך אַרום —
איז זי אַ יתומה נעבעך — אַ רחמנות,
איר זײַט דאָך אַ בעל־מוסר, איר זײַט פרום,
און אפשר ווילט איר אויכעט אַ רבנות? —
געמען בלוי דעם ראש־ישיבהס אויגן בליצן.

דער טראָכנבראָדער ווײַנט אַזש פֿון באַליידיקונג און בעבעט:
— אין וואָס זײַט איר מיר חושד, רבי?..
דער ראש־ישיבה גלעט די אויסגעלאָשענע אַש־גרויע שפּיצן
פֿון זײַן פֿײַערדיקער באָרד,
ער לייגט אַרויף אַ ווייכע דלאָניע אויף דעם טראָכנבראָדערס האַלדז,
און קוקט אויף דוד קאַפּעטקעוויטשער, וואָס שטייט נאָך אַלץ
אַן אָנגעשפּאַרטער אויף זײַן אָרט,
און שפּילט זיך קיל, ווי ס'איז זײַן שטייגער,
מיט זײַן גרויסן זייגער.

דער ראש־ישיבה גייט אַרויס פֿון ספֿרים־חדר אָן אַ וואָרט.

דוד קאַפּעטקעוויטשער שפּרינגט צו צום טראָכנבראָדער: שוטה, —
גריבלט זיך דער לאַך אין זײַנע באַקן, שמאַלציקע און רויטע —
איר האָט באַדאַרפֿט אים עצהנען — זאָל כּלאָוונע נעמען חיהן,
און אײַך זאָל ער אָוועקגעבן דאָס טעכטערל,
דאָס טעכטערל — באַווײַזט ער אויף דער שלאָפּשטוב
מיט אַן אויסגעלאָסענער העוויה
און ווישט אַרום פֿון מויל דאָס סמיקע געלעכטערל.

אין ספֿרים־חדר האָט דער עולם זיך געהיצט.
די לומדים האָבן כּלאָוונעס תּורה אָפּגעדונגען,
ער האָט זיך ניט געלאָזן און געבליצט
מיט בקיאות, אײַנפֿאַלן, פֿאַרקערט געדרונגען.
די אַלמערס ספֿרים האָבן זיך אַרײַנגעמישט.
דער וואַרשעווער האָט זיך געקאָכט: איך ווײַז אײַך אַ „חידושי רי״ם“, —
כּלאָוונע האָט אַ כאַפּ געטאָן אַ ספֿר פֿונעם טיש,
און געזונגען העכער מיט אַ קלינגענדיקער שטים.

די הענט אַהינטער האָט דער ראָש־ישיבֿה זיך פֿרומגעדרייט,
אַרײַנגעשטעלט אַן אויער אין געזעמל און געהאַט הנאה.
אַ שפּאַן געטאָן אין עסצימער פֿאַרטראַכטערהייט,
אַרײַנגעכאַפּט אין מויל די באָרדשפּיצן די גרויע,
אײַנגעהאָרכט זיך צו דער שלאָפּשטוב דער פֿאַרמאַכטער,
און פֿון דער זײַט געקוקט אויף כלאַוונען אַ פֿאַרטראַכטער.

דער לאַנגער טראָכנבראָדער האָט אַ האָר פֿון גאָמבע זיך געצופּט.
אַ מוסרניק טוט אַלץ באַרעכנט —
איז ער אין וועג געשטאַנען יעדן ווי אַ סלופּ,
ביז ער איז אַרײַן אין קיך און זיך פֿאַראיקעט פֿאַר דער קעכין:
— איך, איך וויל אַ טרונק, גג... גיט מיר אַ גלאָז...
(ס'האָט אויפגערעגט געפּײַפּט זײַן לאַנגע נאָז).
די קעכין האָט אַ כאַפּ געטאָן אַ גלאָז פֿון שאַפֿקע,
געווישט עס לאַנג מיט ציטעריקע פֿינגער און געגלעט.
ער האָט געבעטן זיך: געננוג, און זי האָט דווקא
דאָס גלאָז געווישט און גאָרנישט ניט גערעדט.
ער האָט געמאַכט אַ ברכה אויפֿן קול, זי האָט געענטפֿערט: אָמן,
די הענט פֿאַרלייגט אונטער דעם שירץ: אַ דאַנק זײַן ליבן נאָמען — — —

כלאַוונען האָט דער גאַנצער פּילפּול צוגעגעסן.
ער האָט שוין אַלע „ריטבֿא"ס, אַלע „רשבֿא"ס אויסגעבראַכט,
און זי — זיצט אַלץ אין שלאָפּשטוב צוגעמאַכט.
שטייט ער צווישן עולם אין דער מיט,
די לומדים שטורעמען אויף אים — ער שווײַגט ברוגז.
אַ בחור שרײַט: דער רמב״ם פּסקנט... כלאַוונע קלערט: וואָס טויג עס? —
זי ווײַזט זיך ניט...

דער אַסטראָוואָלער האָט אַרומגעשפּרײַזט אויף דער קוואַרטיר,
פאַרגעסן ניט געקענט:

ער האָט געקוקט אויף מיר דערשטוינט, מיט חשד —
און דרך־ארץ...

ער פּילט זיך אַ צעבראָכענער, געשענדט, —
איך בין געווען יאָרנלאַנג זײַן ראש־הוועד,
אַ תּלמיד האָט דאָך פאַר אַ רבין דרך־ארץ — יאָ.
און וואָלט דער דרך־ארץ פון זײַן פּנים אָפּגערונען,
וואָלט אפשר רחמים זיך בײַ אים געפונען,
און ווו ס'איז רחמים דאָ — איז חוזק דאָ,
אַ מאָל גייט חוזק נאָך רחמנות, אָפט מאָל — פאַר,
זיי גייען אויך צוזאַמען, —
אַזוי האָט ער געגראָבן זיך, ווי אין אַ חורבה — אין זײַן צער;
ווי אַ הונגעריקע חיה אונטער דורכגעפוילטע שטאַמען:
זיי האָבן דרך־ארץ — איך האָב זיי דערצויגן אַלע,
די פּרימסטע אָבער וואָלטן זיך געפרייט,
ווען עמעצער איז זיי מײַן בראָך מגלה,
זיי ווייסן שוין... איך פּיל עס, ווען זיי גייען מיר פאַרבײַ — — —
ער האָט אַן עלנטער זיך אויפגעדרייט,
און מיט זײַן שטערן צו דעם פענצטער צוגעפאַלן.
די זון האָט אים געגלעט מיט אירע צאַרטע אַלול־שטראַלן, —
דער אַסטראָוואָלער האָט געוויינט מיט הייסן בלײַ.

משכיל... דער יאָמער פון אַ מענטשן אין אַ הייל,
דער יאָמער פון אַ מענטש — אַ פאַרשטויסענער, פאַרטריבענער, —
ער האָט געזונגען מיט אַזוי פיל שטילן גרויל,
ווי פון אַ וועלט אַ חרובער — דער איינציקער פאַרבליבענער.

אָ, גאָט, איך וויל דיר אויסגיסן מײַן ווייטיק,
איך וויל דערציילן דיר מײַן פּײַן.
קוק רעכטס — עס וויל מיר קיינער ניט דערקענען,
איך בין שוין קיינעם מער ניט נייטיק,
אָ, קוק זיך אײַן, אָ, קוק זיך אײַן...

פאַרנעם, גאָט, מײַן געבעט, איך בין צעבראָכן,
איך רוף צו דיר — דו זאָלסט מיר ניט פאַרטרײַבן,
איך קלאַפּ אין הימל, ווי אַן אָבל צו אַ שכן,
אַליין ניט מיט אַ בר־מינן אַ גאַנצע נאַכט צו בלײַבן...
אָ, גאָט, עס זיצט דער טויט אין מיר — איך פיל אים
אין מײַנע אויגן, אין די הענט, —
אַזוי האָט ער געפּלאָנטערט זײַנע רייד מיט פּסוקים תּהילים,
ביז די זון אין שויב האָט אויסגעברענט.

„אַלטע ברויט, אַלטע חלה, האָט רחמנות אויף אַ קראַנקן ייִד,
ייִדן, וואַרפט לכּבוד שבת וואָס אַראָפּ". —
דער אָסטראָוואָלער האָט דערהערט דעם בעטלערס ליד,
און אויפגעהויבן פון די נאַסע הענט דעם קאָפּ:
אַלץ הייבט ווידער זיך פון אָנהייב אָן —
וואָס וועט זײַן? אָ, וואָס וועט זײַן?
איך בין ווי אין די פּאַקעלעס — דער האָן,
אַרויס מיט איין פוס, מיט דעם אַנדערן אַרײַן.
ווי זאָגט דער משל: דער פאַרפאָלגטער הירש ברעכט אָפּ די הערנער,
ער זאָל זיך ניט פאַרטשעפּען אין די צווײַגן, —
ער הייבט אָן לאַכן: כ'וואָלט קיין בטלן ניט געווען, קיין לערנער,
אויב איך זאָל זיך אַליין אַפילו איצט ניט לײַגן.

ס'איז גאָר ניטאָ קיין וואַלד, און איך האָב ניט קיין שיינע הערנער,
דאָס האָב איך זיך פֿאַרוויקלט אין אַ קליידל, —
אַן איינגערעדטע מעשה, עפּעס דאָרט אַ נאַריש מיידל.
געגוג געפּלאָנטערט אין חשבונות זיך — אַהער, אַהין,
יעדן חשבון קען מען אויפשטעלן אַנטקעגן — צען,
די קרעפּט פון מעשים ליגט ניט סוף־כּל־סוף אין זייער זין,
נאָר אין באַשלוס: איך וויל — איך קען...
דער אָסטראָוואָלער האָט זיך אויפגעשטעלט. עס האָט אין אים געזאָטן:
איך בין נאָך ניט אין פּאַקעלעס דער האָן.
ער האָט אַרויסגעשלעפּט די ציצית און צעשפּרייט דעם טלית־קטן,
זיך איינגעבויגן און די זאָקן אויסגעטאָן:
אָ, גרויסער אומזין פון מיין גיהנום,
מיר פּייניקט ניט אַזוי, וואָס עפּעס דאָרט אַ מיידל וויל ניט מיר —
ווי דאָס, וואָס זי וויל — יענעם...
מיט מיינע שיך האָט ער מיין משוגעת ניט צוגענומען —
דאַרף איך איצט אַליין אַ ב אָ ר וו ע ס ע ר דאָרט קומען.
אַ שיך וואָס טרינקט זיך, וואַרפט אין וואַסער אַלץ צו ווערן ניצול'
אַ מוסרניק דאַרף קענען ליגן זיך אין בלאָטע, —
זיי וועלן זאָגן, אַז דאָס איז אַ שפּיצל,
איך — וועל אָבער שוין ניט קענען האָבן קיין חרטה — — —
ב אָ ר וו ע ס!
איך בין געגאַנגען שוין אַ באָרוועסער אין קיעוו.
אָ, גאָט, איך שריי צו דיר אַ נאַקעטער ווי איוב:
„גיב דיין אָרעם מיר אין ערבות".
איך וויל אין גאַנצן זיין צעבראָכן, גאָרנישט האָפן — — —

און דער אָסטראָוואָלער איז אַרויסגעלאָפן...

# אין גיהנום אויף א קייט

אין קיך אַרום די ווײַסע טישן, שבת —
איז תשעה־באָב... אַפילו דער צעפּײַערטער ר׳ אַבא
איז ווי אַ פליג אין ווינטער — שטום.
מען זינגט קיין זמירות ניט. איעדער עסט באַזונדער און פאַרטראַכט.
עמעצער אַ באָרוועסער גייט, ניט געזען, אַרום
צעווישן עולם בחורים פון פרײַטיק אויף דער נאַכט...
היים ווילנער קוקט אויף משה ליבער —
דער אַפּיקורוס זיצט ווי שטענדיק — שטאַר,
אַ זײַטיקער, אַ קאַלטער און אַ טריבער.
ער נעמט קיין אָנטייל ניט אין צער
פון גאַנצן ציבור.
אַ פאַראומערטער בענטשט יעדערער פאַר זיך,
שטיל, אָן אַ מזומן,
און מען שלײַכט אַרויס פון קיך
בגנבה, ווי מען איז געקומען...

חיים ווילנער האָט דעם אַפּיקורוס אָפּגעוואָרט אין דרויסן.
ליבער האָט אַ לאַך געטאָן, ווי ער וואָלט זיך אויף דעם געריכט.
אוועקגעשפּרײַזט, דעם קאָפּ פאַרהייבן, מיט אַ טראָט אַ גרויסן,
דער ווילנער איז אים נאָך, אין מאַנטל דאָס געזיכט.

ליבער האָט זיך אָפּגעשטעלט: „מבקש", וואָס זײַט איר אַזוי צעטומלט?
אַ בעל־מוסר דאַרף דאָך זיך פאַרלייקענען, גיין באָרוועס,
דאָס פּאַסט זיך זייער גוט צום רומל.

אײַך — באַדאַרף דאָס ניט צערודערן, איר זײַט דאָך נאָר וואָס
אָנגעקומען, און אַוודאי האַלט איר,
אַז עס קומט ניט אָפּ נאַוואַרעדאָק מיט רייד — איז אויך מקיים,
טאָ וואָס איז, אַז אַ מוסרניק אַן אַלטער
האָט זיך אַוועקגעלאָזט אין גאַס אַ באָרוועסער לשם שמים?..
דער ווילנער: אַן אַלטער ראש הוועד, אַ חתן שוין כמעט —
אַ באָרוועסער אין ראש־ישיבהס שטוב?.. אַזוי מבטל מאַכן זיך, צעשאַרן!
ליבער: אים פּאַסט נאָר רודפן און מוסרן זײַן וועד?
מקיים זײַן — זאָלט איר... איר ווילט מען זאָל אײַך דווקא נאַרן?
פון וואַנען ווייסט איר אָבער, אַז דער רגזן מיט די פּיס די לאָמע,
האָט געמיינט נאָר זיך צו זײַן מבטל,
אפשר האָט ער גראָד דורך דעם גענומען פינצטערע נקמה
אָן ראש־ישיבה און זײַן טאָכטער — מערער ווי אָן זיך?..
איך זע, איר זײַט נאָך גאָר אַ יאַטל.
דער ווילנער:] ער האָט אַוועקגעגעבן כלאַוונען זײַנע שיך...
ליבער: איר גייט אויך אין קלומפּעס אויסגעדרייטע —
פאַר וואָס האָט ער די שיך ניט אָפּגעגעבן אײַך?
דער ווילנער ווערט אין כעס: איר זײַט אַ חוטא
און אַ מחטיא... וואָס בין איך דאָ שײַך?
כלאַוונען אָפּגעבן — אָט דאָס איז אַ פּעולה!
ליבער קרימט זיך מיט פאַראַכטונג: איר זײַט עס אַ מענטשן־קענער...
כלאַוונע נעמט בײַ אים אַוועק די בתולה —
ער איז אַ ליכטיקער, אַ ציכטיקער — ער איז פיל שענער,
גיט דער אָסטראָוואָלער אים אַוועק די שיך — אַ זשעסט
פון גאווה, רעזיגנאַציע און דער עיקר פון נקמה: זעסט!..
פונדעסטוועגן געטרויט מיר ניט — איך בין אַ כופר.
דער ווילנער: מען טרויט אײַך ניט. מען גייט אײַך אויף די טריט.
דאָך האַלט מען אײַך — און דאָס פאַרשטיי איך ניט...

ליבער: כאַ־כאַ, איך בין פון ביכלעך און פון חזיר טריפער,
נאָר זיי קלערן: איך וועל בעסער ווערן פאָרט.
גייט זשע, ווילנער, טרעפט מען אײַך מיט מיר איז — נו...
דער ווילנער צאַפּלט אויף און רירט זיך ניט פון אָרט,
ער קוקט זיך אום און גייט צום אַפּיקורוס נענטער צו:
— מען האָט אַ בוך געפונען אין מײַן קעסטל — — —
ליבער: אַ קעמל מיט אַ שפּיגעלע אין אײַער וועסטל,
דערפאַר האָט איר געגעבן תקיעת־כּף —
דער ווילנער: ווו האָט איר שוין אַלץ צונויפגעקליבן?
ליבער: אין נאַוואַרעדאָק איז דאָ געהיימער טעלעגראַף,
און איך בין אַ נאַוואַרעדקער שוין אַ יאָר זיבן.
דער ווילנער: און אַלע מאָל זײַט איר אַזאַ —
ליבער: — פאַרלייקענער? — ווי קום איך דאָ בײַ זיי? —
דאָס ווילט איר פרעגן, האַ?
איר זעט, איך בין אַ מוסרניק: איר קלערט — און איך פאַרשטיי.
גוט, איך וועל אײַך ענטפערן. איך בין געפאָרן צוליב הונגער.
איר באַנעמט עס ניט? — אַוודאי, איר זײַט נאָך אַ יונגער,
דעריבער זאָג איך אײַך: אַנטלויפט אין דער פאַרמאַכטער תיבה,
קלערט ניט פון דער וועלט, וואָס גוסט אונטער אײַער קאַסטן,
ס'איז מײַן חברותא, ווי דער שוועל פון אַ נקבה,
און איר וועט זיך ניט אויסקויפן מיט צען מאָל פאַסטן.
דער ווילנער: וואָס זײַט איר הונגעריק אַזוי צו זײַן פאַרשטויסן?
וואָס שפּײַט איר מיט אַזאַ הנאה ניבול־פה?
איך האָב אײַך אָפּגעוואַרט אין דרויסן...
ליבער שמייכלט טרויעריק: איך זע,
איר זײַט אַ בעגל־וואַסער־פרומער פילאָסאָף,
האָט איר דערזען דעם אָסטראָוואָלערס סוף
איידער איר אַליין האָט אָנגעהויבן,

גייט איר מיט דעם אַפּיקורוס דעם פאַרשאָלטענעם צוזאַמען,
אפשר גראָד וועט ער אײַך ראַטעווען דאָס גלויבן,
ווען אײַער רעטונגס-לייטער — מוסר — שטייט אין פלאַמען...
פאַרפאַלן, קיינער וואַקסט ניט גרעסער, ווי ער קען.
דער ווילנער: אַ בעל-מוסר וויל זײַן גרעסער ווי ער איז.
ליבער: אַ שטות... איר וועט אַליין דאָס שפּעטער זען,
דאָס הייסט: אַרומגיין טראָגנדיק אין האַרץ — אַ שפּיז...

ס'האָט ליבער יאָמערלעך פאַרקרימט דאָס מויל:
— זאָגט מיר, חיים ווילנער, וואָס איז מוסר בהתפעלות?
און איידער חיים ווילנער האָט געכאַפּט די שאלה,
האָט ליבער אויפן מיטן גאַס אַרויסגעלאָזן אַ געהויל,
ער האָט זיך בײַ די רעקל-קלאַפּעס אָנגענומען,
ווי ער וואָלט וועלן רײַסן קריעה,
און אַרויסגעלאָזן אַ פאַרשטיקטן ברומען,
ווי אַ פאַרמשפּטער, ווען ער דערזעט זײַן תּליה:
— איר קענט דעם ניגון? — דאָס איז מוסר בהתפעלות...
איר זעט, אָט איז אַדורך אַ פרוי,
איר האָט אַפילו ניט געזען איר פּנים גוט,
פילט איר זיך ניט, מוסרניק, אַזוי
ווי אײַער האַרץ וואָלט זיך געוואָרפן אונטער אירע פיס אין בלוט?
אַ וועלטיש פרײַער מאַן זעט אין דער פרוי — דאָס ווײַב,
אַ ישיבה-בחור זעט די קליידער, זעט די דאַמע.
ס'איז ניט קיין גאַרעניש פון לײַב נאָך הייסן לײַב,
דאָס איז די עלנטקייט, וואָס זוכט אַ שוועסטער, זוכט אַ מאַמע...
פאַרשטייט איר עס? איר זײַט נאָך יונג, כּמעט אַ קינד,
איך בלײַב געפּלעפט ווען ס'גייען מיר פאַרבײַ פאַרפּוצטע פרויען —
דאָס איז די בענקעניש צו ריינקייט — ניט צו זינד.

דאָס איז די זיכערקייט. די רו. דער ניט באַשערטער גליקלעכער נסיון.
אַ מיידל־פּוטערל — ווי ווייך עס איז, ווי טיף,
איך וואָלט אין אים פֿאַרגראָבן מײַן צעפּלאַמטן קאָפּ דעם מידן.
איך חלום פֿון אַ ווײַטן צאַרטן בריוו,
און ניט פֿון נדן — אַ ישיבה מיט אַ טשאָלנט און אַ בת־יחידה.
ליבער כאַפּט זיך אָן מיט ביידע הענט בײַם ברוסט,
ווי ער וואָלט וועלן זי אויף צוויי צערײַסן:
— ס'איז דאָ אַזאַ גיהנום־פֿליסטער: לוסט!
און איך האָב מיט אַ ניגון עס געוואָלט אַריבערשפּרײַזן —
דער ניגון דאָס איז מוסר בהתפּעלות...
אָט זײַנען מיר אַצינד אין מיטן שטאָט,
איר זײַט שוין דאָ אַ מאָל געוועזן? — ניין!
אָט גייען יונגע לײַט פֿאַרבײַ מיט אַ געשווינדטן טראָט,
גלײַכגילטיק און קאַלט — און איר מוזט פֿירן קריג מיט יעדן שטיין.
דער הימל בלויט. געלעכטער בלענדט. עס ווינקען פֿענצטער.
יעדער מויער פֿרייט זיך — און פֿאַרלייקנט אײַך...
הלוואי וואָלט איר געזען אין אַלץ געשפּענסטער, בלויז געשפּענסטער,
נאָר יעדער ליכטפֿלעק זעט אויס אַ פֿאַרכּישופֿטער אין טײַך.
איר בענקט, און שלינגט ווי הייסע אײַזנס — ליגן,
שלעפּט איר זיך אַוועק; דאָס פּנים אין די הענט
פֿאַרגראָבט איר זיך אין אַ בית־מדרש־לאָך — און מיט אַ ניגון
ווילט איר אָפּטויטן דאָס האַרץ אין זיך, וואָס ברענט —
דער ניגון — דאָס איז מוסר בהתפּעלות...

חיים ווילנער האָט די הענט צעשפּרייט:
— ווער האָט אײַך געבויט?
ס'האָט ליבער שאַרף אַרײַנגעשניטן:
— ברויט!

דער ווילנער: הייסט עס, איר האָט זיך פֿאַרשטעלט — און ניט געלערנט,
טאָ וואָס אַזוי פֿיל פּײַן, אַזוי פֿיל טרערן, —
איר האָט דאָך קיין אַנטטוישונג ניט געליטן.
ליבער: פֿאַרוואָר, איר זײַט גערעכט, פֿאַרוואָר.
איך בין געווען אַן אַפּיקורוס שוין צו דרײַצן יאָר;
צו בר־מצווה ניט געלייגט קיין תּפֿילין,
געוווּסט פֿון דאַרווינען, די קריטיקער פֿון ביבל —
נאָר ברויט איז ניט געווען אין אונדזער שטיבל...
בין איך געפֿאָרן עסן טעג, מײַן הונגערקראַמף צו שטילן.
אַז איך דערמאָן זיך אָן די פֿרעמדע טישן,
ווילט זיך מיר אין בלאָטע לייגן,
מיט קויט פֿון אונטער רעדער זיך פֿאַרמישן,
און אויסרײַסן ווי ברוקשטיינער פֿון זיך די אויגן.
נאָך איצטער, אַז איך גיי אַרײַן אין היימישע, מיר נאָנטע שטיבער,
דוכט זיך מיר, די באַלעבאַטים קוקן זיך מיט חוזק איבער...
איך בין געגאַנגען אין איין העמד אַ גאַנצן ווינטער,
איך האָב פֿון זיך געריסן פּאַסנווײַז,
אַ פֿאַרשעמטער פֿלעג איך זיך אַרומקוקן אַהינטער,
איך פֿלעג זיך יעדן טאָג פֿאַרשפּאַרן קנאַקן לײַז —
איעדן טאָג פֿלעג איך זיך אויף צוויי שעה באַהאַלטן.
אַן אויסשיט האָט באַדעקט מײַן גאַנצע לײַב — צרעת.
איך פֿלעג אַרײַנבײַסן די ציין אין שטענדער, ניט צו מאַכן קיין געוואַלדן,
דאָס בײַסעניש האָט מיר אַרײַנגעיאָגט אין משוגעת.
אַ מאָל בין איך בײַ נאַכט געלעגן אין אַ ווײַבערשול,
איך האָב זיך אויפֿן דיל געוואַלגערט, אַ צעביסענער פֿון וואַנצן,
איך האָב געוואָלט אַרויס פֿון הויט, איך בין געווען דול,
פֿון הונגער האָט מײַן אינגעווייד גענומען טאַנצן.

און פלוצלונג, ווי אַ לעבעדיק פאַרשאָטענער אין גרוב,
האָב איך דערהערט אין פינצטערניש — געזאַנג,
אַנטקעגן שולכל איז געווען אַן אַרבעטאָרער־קלוב,
וואָס האָט אַרײַנגעאָטעמט אין דער נאַכט מיט שטורעם און געדראַנג.
אַזוי האָב איך געלעבט אין קיעוו, אין באַרדיטשעוו און אין שקלאָוו.
דער אומרו האָט געברויזט, די האָפענונג האָט אויפגעבליט אין לאַנד אין וויסטן
און איך האָב זיך געפּײַניקט צווישן ל״ו —
און אַנאַניסטן...
איך פיל נאָך איצטער צו מײַן לײַב אַזוי פיל עקל,
אַז ס'איז אַ חידוש מיר, ווי ווער איך ניט דערוואָרגן,
איך פלעג זיך איבערדעקן אויפן קלויזבאַנק מיט מײַן רעקל,
און מײַנע אָפּגעדעקטע פיס פלעגט קושן דער פרימאָרגן.
איך האָב געחלומט תמיד פון אַ ברויטל, פון אַ גאַנצן לעבל,
און אָרום מיר — אַ מחנה אין צעפליקטע בגדים,
טוכלע און פאַרשטויבטקייט, עיפּוש, קרעץ און שוועבל,
און אַ גיהנום פון געשריי: בן אָדם, אַי, בן אָדם...
איך בין געווען אין בלוט אַ וועלטישער, אַ פרײַער —
און קיין מאָל ניט אַליין, באַשטענדיק אין געיעג, אין פײַער, —
לויזן האָב איך זיך געקענט פאַרשפּאַרן,
אָבער ווי האָב איך געקענט פאַרשפּאַרן מײַן נשמה?
איך בין געווען צו ערלעך זיי צו נאַרן,
און דער פאַרדאַמטער אָסטראָוואָלער מיט די פיס די לאָמע,
וואָס איז נאָך דעמאָלט ניט געווען אַליין צעשמעטערט,
האָט מיר געטריבן ווי אַן אָקס אין בוינע:
אויב ער שוינט ניט זיך — צי וועט ער
עפּעס דאָרט אַ בחורל פאַרשוינען?
ניין! איך האָב זיך ניט פאַרשטעלט, איך האָב געמוזט אַ גלויבן האָבן,

האָב איך צעבראָכן אין בית־מדרש אַלע שטענדערס,
איך האָב מײַן קאָפּ אין וואַנט אַרײַנגעגראָבן,
ס'האָט אַלץ אין מיר געצאַפּלט — און איך האָב זיך ניט געענדערט.
ריכטיק זאָגן זיי, די משוגעים:
שווער איז שטאַרבן פֿאַר אַ תּורה; שווערער פֿיל — פֿאַר איר צו לעבן.
איך וואָלט געשטאָרבן פֿאַר דעם גלויבן פֿון די פֿראַים,
מײַן יוגנט איז מיר שווער געווען זיי אָפּצוגעבן.
אַ מרה־שחורהדיקער אָפּגרונט האָט פֿון זיי געוויזט,
דאָס גרויליקסטע געהען איז זייער שמחת־תּורה,
דאָס איז געווען די משוגעת פֿון פֿרייד,
דאָס איז געווען די שיכּורע צעלאָזטע מרה־שחורה.
און איך, וואָס האָב צו לערנען מוסר זיך געצווונגען,
האָב שמחת־תּורה אויך, ווי אונטער אַ צעפּאַכטן קנוט — געזונגען
איך האָב געטאַנצט. איך האָב געוואָלט דורך שרײַען,
פֿון אַלע ווייטיקן און תּאוות זיך באַפֿרײַען.
פֿון מײַן עלנט האָב איך אויסגעשמידט אַ גלויבן,
אַ טוגנט — פֿון דעם צוואַנג;
איך פֿלעג אַרויסקוקן פֿאַרבענקט אַדורך די שויבן,
און אויסגעגאַנגען מיט איעדן זונפֿאַרגאַנג.
איך בין אַ מאָל אין אַ בית־מדרש אין התבודדות געזעסן,
די שקיעה איז געלעגן אויף מײַן קאָפּ, ווי אָפּגעהאַקטע הענט.
איך האָב געהאַט דעם חשבון פֿון דער צײַט פֿאַרגעסן,
עס האָבן מיר אַרומגערינגלט שטום די ווענט.
די בענק, די בימה, האָבן זיך אין מיר אַרײַנגעקאַרבט,
ס'האָט זון בײַ מײַנע פֿיס געטריפֿט, ווי בלוט פֿון מיר אַרויסגעצאַפּט.
דאָס לעבן איז געווען ווײַט. איך האָב געפֿילט: איך שטאַרב — — —
און איך האָב מײַן געזיכט און מײַנע קני באַטאַפּט.

— ?און ווייסט איר ווער אין אַלץ איז שולדיק
!האָט ליבער אויסגעשריִען ווילד — איך וויל זיי אַלעמען דערמאָרדן
?פאַר וואָס האָב איך געבראָכן זיך אַזוי געדולדיק
.מען האָט געזאָגט: דער מענטש איז פריַי — נאָר ניט געאָרדנט
,ווילנער, שאָקלט ניט דעם קאָפּ, איר האָט ניט וואָס צו זאָגן
.איך האָב דעם גאַנצן פּיַין אַדורכגעטראָגן
:דער גאַנצער פּיַין איז שטות. איר וועט ניט ענדערן זיך סיַי ווי סיַי
...דער מענטש — ער איז ניט פריַי

זיי האָבן מיד אַראָפּגעזעצט זיך אויף אַ באַנק אין גאָרטן
.דער ווילנער האָט געקוקט אויף זיַינע שיך
..?ער האָט געטאָן אַ ציטער: גייט ווער דאָרטן
ס'האָט עמעצער מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ אויף גיך
אַדורכגעאיַילט... דער ווילנער האָט דערפילט זיך
.אַ געכאַפּטער ביַי אַ גנבה
,ליבער האָט געשמייכלט קלוג און טרויעריק: איר זעט
,כ'האָב איַיך געוואָרנט: זיצט אין דער פאַרמאַכטער תיבה
זיי וועלן איַיך ניט מוחל זיַין דעם חטא
,פון גיין מיט מיר... זיי קומען איַיך פון אומעטום אַנטקעגן
— ,נאַוואַרשדקער דערקענט מען אַן די היט
זיי זאָגן כּלומרשט, אַז עס אַרט זיי ניט
— ,די פינגער־טיַיטלעניש, וואָס יאָגט זיי נאָך אויף אַלע וועגן
— אין דער אמת, וויל ניט קיינער קיין בזיון
!זיי ציט צום מקום פון נסיון
,און וויַיל זיי קענען קיינעם ניט געפעלן
.ברענט אין זיי דער האַס פון ניט דערגאַנגענע
,אַ וואָלף וועט פאַר אַ וואָלף זיך ניט פאַרשטעלן

איך בין אַ מוסרניק, איך קען זיי די געפּאַנגענע
אין נעץ, וואָס זייער קראַנקער דמיון האָט אַליין זיך אויסגעשפּינט.
זיי שפּיַען אויף דער וועלט — דאָס מינדסטע אָבער טוט זיי וויי,
אַן איבערלעבונג אַליין — ווי ביַי אַ ניַי געבוירן קינד,
זיי האָבן אַזוי לאַנג געשמיסן זיך מיט אייגענעם געשריי,
ביז זיי האָבן אויפגעהערט צו שעמען זיך אַרומגיין נאַקעט;
פון רייניקן זיך — זיַינען זיי געוואָרן פול מיט אומרייִנעם פאַרדאַכט,
זיי האָבן אַזוי לאַנג אויף זיך אַליין געטראַכט און געכראַקעט,
ביז זיי האָבן שוין פון גאָר ניט, חוץ פון זיך געטראַכט.
ווי קען מען אויסביַיסן די תּאווה דורך זיך זידלען?
ווי ווערט מען עס אַן ענוו דורך אַ חשבון און באַרעכנט?
וואָס איז עס פאַר אַ פרומקייט אויפגעשאַרט דורך קברים-רידלען?
דאָ ליגט אַ קנויל — דער עקל, נאָר איך קען ניט ברעכן...
ווער ווייס דאָרט פון אַ גאָט? — מען הערט נאָר פון אַ תּורה.
וואָס איז פאַר זיי דער כּלל? — אַ פּרט איז דאָ.
ווער ווייס אַפילו, צי זיי גלייבן אין אַ שטראָף אַ געטלעכער פאַר אַן עבירה.
זיי שריַיען: לאָמיר גוט זיַין צוליב — גוט, לשמה.
זיי ווילן אָפּפאַרבן און ראַטעווען דעם אַלטן שימל,
אויפלעבן, וואָס לעבן קען שוין ניט.
זאָגט ניט: גאָט, זאָגט — הימל,
זאָגט: מענטש, און זאָגט ניט: ייִד.
מיר אַרט עס ניט. איך בין אַ בוים אַן אויסגעוואָרצלטער, צעפוילטער האָלץ.
ווו איז אָבער זייער קדושה, זייער ציבור, זייער שטאָלץ?
דער קופּישקער — זיי וועלן איַיך פון אים דערציילן פּרטים —
האָט אַריַינגערוקט זיַין נאָז אין דרעק.
ער איז געווען מטורף-ערלעך — איך בין אויך... מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם
האָב איך אַריַינגעקוקט — און אַלע וווּנדן אָפּגעדעקט.
זיי קאָרטשען זיך און חזרן געבראָכענע: „דער מענטש איז פריַי".

חיים ווילנער, הערט מיר אויס, איך זאָג אײַך: הלוואי
וואָלטן זיי אים שטאַרקער ניט געשמידט — פון שטריק אים אָפּגעבונדן,
זיי האָבן אָפּגעפונען תהומען, ווו עס זײַנען ניט געווען קיין תהום ן...
איך האָב זיי פײַנט, איך וואָלט פון זיי די הויט געשונדן,
איך האָב פײַנט אַפילו דעם געדוך פון זייער נאָמען...

חיים ווילנער איז אַן אויפגעקאָכטער אויפגעשפרונגען:
— איר האָט זיי פײַנט? — אַנטלויפט!
איר האָט צו לערנען מוסר זיך געצווונגען,
איצט צווינגט איר זיי צו האַלטן אײַך. איר פרעסט, איר זויפט,
איר מיינט, זיי האָפן איר וועט בעסער ווערן?
זיי האַלטן אײַך פון עקל, צו דערנידעריקן נאָר:
איר זעט אים דעם פאַרלייקענער, זײַן שטאָלץ קען אים ניט שטערן
צו עסן אונדזער ברויט אַזוי פיל יאָר.
מיר קלײַבן ברויט בײַ אַלטע פרומע ווײַבער,
פון רײַכע באַלעבאַטים ברענגען מיר פאַרברענטן טשאָלנט,
מיר ווילן אומגיין מיט אַ וויטיק אין די לײַבער?
מיר ווילן דען פון הונגער זײַן געשוואָלן?
מיר האָבן ניט קיין ברויט — טאָ לאָמיר טיילן זיך מיט ברעקלעך,
איר האָט ניט וואָס צו אָנטאָן — נאַט אײַך מײַנע בגדים.
אַן גרייטקייט אויף קרבנות וואָלט געווען דאָס לעבן שרעקלעך.
מײַנס — איז גאָרנישט, אַלץ איז דײַנע פּיזן לעצטן פּאָדים.
איר האָט ניט ווו צו שלאָפן — לאָמיר טיילן זיך דאָס בעט,
איר האָט געזינדיקט — לאָמיר טיילן זיך דעם עונש פאַרן חטא
נאָר דער — קוקט גוט זיך אײַן,
ער האָט שוין לאַנג פאַרהאַקט די טיר אַהינטער זיך,
ער חוזקט אָפּ פון אונדזער זוכעניש און פּײַן,
דאָך קומט ער יעדן טאָג אין קיך...

ער קומט אַריין אַ זײַטיקער, זײַן יעדער קער איז ביטול,
און הייבט ער אויף אַ מאָל דעם קאָפּ פון טעלער יויך,
פֿאַרשאַרצט ער זײַנע ליפּן אין אַ שמייכל, ווי אַ גוי דאָס היטל,
און האָט אַ קופּערנעם געזיכט צו ריידן אויך.
און ייִנגלעך רייצט אַזעלכע חוצפּהדיקע רייד,
נאָר מיר האַלטן אים — און זאָלן אַלע זען דעם אונטערשייד
צווישן אונדז און אים — דעם בעטלער, דעם ציגײַנער־יונג — — —
און חיים ווילנער בלײַבט אַן אויסגעבויגענער, ווי צו אַ שפּרונג.

ליבער רירט זיך ניט, ער שטאַרט אַן אָנגעשפּאַרטער,
די הענט אַראָפּגעלאָזן. בלייך, מיט מידע ברעמען.
חיים ווילנער גלײַכט זיך אויס און זאָגט שוין צאַרטער:
— זײַט מיר מוחל, איך באַדאַרף זיך שעמען.
איר רעדט מיט צער, מיט ביטערניש, מיט האַס, און איך בין — גראָב,
מען טוט אַ קעגנער אַ טובה, אויב מען איז ניט אויך צו אים געראָבט...
איך האָב צו טיף אײַך אפשר אָנגערירט, איך האָב —
ליבער: שווײַגט! ס'איז מוסרניקעס־שטייגער: אײַנבײַסן —
און בעטן באַלד מחילה.
דער ווילנער צינדט זיך ווידער אָן: און אויב אַזוי אַפילו?
ווער האַלט אײַך דאָ? — אַנטלויפט!
ליבער: אַ שאָד, וואָס ס'איז ניטאָ קיין שכר ועונש און אַ יענע וועלט,
איך וואָלט מיט מײַנע לײַדן אַלעמענס עבירות אויסגעקויפט!..
און ליבער האָט זיך אויפגעשטעלט:
– איר פרעגט: ווער האַלט מיך דאָ? — וווּ זאָל איך גיין?
איר זעט די יונגע לײַט, וואָס דרייען זאָרגלאָז מיט די שטעקלעך?
גיט מיר, חיים ווילנער, צו פֿאַרשטיין,
וואָס שפּילט די פרייד אַזוי אין זייערע צעפּלאָמטע בעקלעך?
„פֿאַלשע פרייד" — האָט חיים ווילנער בייז אַרויסגעזײַט.

ליבער: ניין, דאָס איז אַ פרייד אַ ניט-באַוווּסטע, עכטע.
איך שעם זיך מיט מײַן שנאה צו די יונגע לײַט,
נאָר איך פאַרטראָג ניט זייער פרײַען לוסטיקן געלעכטער.
אָט יענער מיט די גאַווהדיק געלאָקטע האָר — איך טרעף דאָ
אַ סך מאָל אים:

ער איז אַ דיכטער און אַ פרײַער מאַן, ער טראָגט אַרום אַ חלום,
ווי אַ העלד אויף זײַנע הענט אַ קינד פון טײַך אַרויסגעצויגן — — —
רירט אים אָן, וועט איר דערזען דעם טויט אין זײַנע גוטע אויגן.
איך ווייס ניט וואָס איר וועט אין זײַנע רייד געפינען,
זײַן בעסטער טאַט איז אָבער אויפגעוועקט פון קנאה.
נביאים זײַנען אויף דער וועלט נאָך דאָ,
נאָר קיינער קלערט ניט, אַז ער דאַרף אויך ווי אַ נביא לעבן.
אויך געטער זײַנען דאָ, נאָר ס'איז דער מענטש ניטאָ,
וואָס זאָל פאַר עפּעס וואָס אַזוי בכּוח זײַן זיך אָפּצוגעבן,
אַז ער אַליין זאָל בלײַבן אויסן פון דער טאַט,
דאָס הייסט, ער זאָל אין גאַנצן זײַן פון איר פאַרשלונגען —
אַ מענטש, וואָס האָט אין גאַנצן זיך אין זינען ניט געהאַט,
און בלויז די טאַט האָט אים באַצווונגען.
די וועלט האָט אויפגעבליט אין בלוט און לײַדנשאַפטן —
פאַרביקער און בונטער,
איך ווייס עס גוט, נאַוואַרעדאָק האָט אָבער מיר דאָס האַרץ פאַרסמט.
איך פאַרגוואַלדיק יעדע טאַט. איך רײַס די דעקטיכער
פון אַלץ אַרונטער,
איך זע די שוואַרצע קוילן אונטער יעדן פלאַם.
ווען איינער שלאָגט זיך פאַר זײַן אמת מיט פאַרפרעסטע פויסטן,
זע איך אויך די כּבוד-זוכעניש, וואָס קלעפּט אַרום זײַן מויל ווי גאַווער,
און ווען ער וויגט אין שטורעם זיך אין אויפגעברויזטן,
קוקט ער, צי עס הערט אים גוט זײַן חבר.

און ווי׳ אים, אויב ער דרשנט, וואָס זײַן חבר האָט געהערט,
יענער קען ניט אויסהאַלטן און שרײַט: איך ווייס ווי דו.
אַלע ציטערן, עס זאָל אַ רגע ניט פּאַרמינערט ווערן זייער ווערט,
און לויבט מען איינעם – פילט איעדער זיך געטראָפן ערגעץ ווו.
„ווער האַלט מיך דאָ?" – דער גרויזאַמער פאַרשטיקטער ניגון,
וואָס האָט צעוווּנדיקט און צעדרייט מיר די גלידערים.
איך בין שוין טויט, נאָר כ׳קען ניט ליגן,
ער שטיקט אין שלאָף מיר, און איך הער אים
בײַ נאַכט אין פײַף פון באַן, פאַר טאָג אין הודזש פון דער סירענע,
איך פאַראַכט די וועלט, איר פרייד און איר געזאַנג.
איך פיבער אין מײַן האַס צו די, און ס׳עקלט מיר פון יענע.
איך זע אין אַלץ בלויז פּאַטום. גורל. אונטערגאַנג.
איך זע דאָס לעבן, ווי אַ קאַמף אויף שמאָלע בריקלעך.
פאַר וואָס קען איך ניט ווי אַ וועלטישער זײַן גליקלעך?
אָ, ווי אַ הונגעריקער וואָלף האָב איך געפּרוווט אַלץ עסן,
און איצט, אַז איך דערזע מײַן פּנים אין אַ שויב,
וויל איך זי צעשמעטערן... איך מוז אָן זיך פאַרגעסן,
ס׳איז האַרבסט, און איך וויל ווערן שטויב – – –
וואָס שטייט איר מיט אַן אויסגעקרימטן מויל?..
איך קען ניט זען קיין טרערן,
איך – וועל אײַך ניט אָפּגעבן די שיך!
אַנטלויפט, אין קלויז איז איצטער ליכטיק, וואַרעם און מען לערנט,
אַנטלויפט, אַניט וועל איך – וועל איך
אַנטלויפן...
און מיט דעם קאָפּ פאָרויס האָט ער גענומען פליִען,
אין מיטן וועג האָט ער זיך אויסגעדרייט און ווידער אויסגעשריִען:
איך – וועל אײַך ניט אָפּגעבן די שיך...

## דער אָרון-קודש פּאַלט...

די ביימער האָבן שטיל פאַרוואָרפן די געקרויזטע קרוינען,
צום האַרבסט געגרייט זיך, ווי אַן עדה צום מקדש זײַן דעם שם.
אַ דינער ביימל האָט אַ קרעכץ געטאָן, גענומען וויינען,
די ביימער האָבן ווי פון חלום זיך אַ קער געטאָן צו אים:
זײַ שטיל, דו וועסט זיך צוגעוווינען,
מיר אַלע זײַנען שוין געוווינט צו דעם...

חיים ווילנער איז געשטאַנען און געהאָרכט פאַרגליווערט.

פאַרהילט אין גרינע בלעטער האָט אַ ווײַסער לאָמפּ געפיבערט,
אַ גרויסע ציטעריקע ליכטנעץ אויסגעשפּונען
און פאַרוועבט אין איר די ברייטע שטאַמען.
חיים ווילנער האָט זיך אין דער מיט געפונען
און געציטערט מיטן גאַנצן פּאַרק צוזאַמען...

דער הימלבלוי אין די אַלעען די צעווינטיקטע איז אויסגערונען,
די נאַכט האָט ווי אַ מידער גערטענער אַרײַנגעשלײַכט,
באַטאַפּט די ביימער און צונויפגעבונדן
מיט שאָטנס דאָס געצווײַג, וואָס האָט געציטערט גרין און פײַכט.
אויף ווײַטע גאַסן, אויפן מוצאי־שבתדיקן מאַרק,
האָבן פײַערן זיך אָנגעצונדן
און פאַרבלאָנדזשעט אינעם אַלטן מאַרק...

חיים ווילנער האָט געגליוועוט שטום,
געוואָרן פון מינוט פאַרגליווערטער און שטומער.
פאַרבײַגעציטערט האָט אַ זוניקער געזשום,
אַ גילדענער געזשום, ווי פון אַ בין סוף זומער,
און אויסגעגאַנגען, ווי אַ קראַנקער פויגל אין די צווײַגן.
דער האַרבסטווינט האָט אַ צי געטאָן אַ מוסר־ניגון,
געכליפּעט אין די בלעטער שטיל און פרום,
דער ניגון האָט גענומען העכער שטײַגן,
ביז ער איז אַריבער אין געברום.
חיים ווילנער האָט געשוויגן
און אַליין געהערט זײַן שווײַגן...

צעשאָקלט האָבן זיך די ביימער,
געשלײַדערט מיט די קעפּ, ווי מוסרניקעס בײַ דער תפילה — — - -
אַן אויסגעשריי — אַ ווײַטער, אַ געהיימער,
האָט אין געדיכטעניש צעברעקלט זיך אין קלאַנגען שטילע,
געגוסט אין דער פינצטער, זיך געמאַטערט,
דער ווילנער האָט געטאָן אַ צי זיך — און גענומען לויפן,

דער ווינט האָט אים דעם וועג פאַרשאָטן
מיט פאַרוועלקטע בלעטער־הויפנס.
ווי אַ פאַרפלאָנטערטער אין דראָטן,
האָט ער געריסן זיך: אַזוי פיל צייט געפטרט,
געוואָלט אַריבעריאָגן אין געלויף זיין שאָטן,
און ווי אַ פייגל־טשאַטע האָבן אַרום אים געפלאַטערט
ווייטע הייליקע געזאַנגען...

די קלאַנגען האָבן אים געפאַנגען,
האָט ער זיי נאָכגעטאַפּט באַצויבערט,
דער ווינט האָט אים צעטומלט און צעשויבערט,
צעוואָרפן דאָס געקלאַנג, ווי בלעטער האַרבסטיקע אין אַלע זייטן.
ער איז געלאָפן אין דער מיט,
די נאָנטן האָבן אים פאַרשטעלט די ווייטן,
די נאַכט האָט אויסגעלאָשן זיינע טריט.
ער האָט געאײַלט, און וואָס ער איז געקומען נענטער,
האָט דאָס געברויז צעאָטעמט זיך אַלץ ברוסטיקער און פרייער;
דער ווילנער איז געלאָפן צום בית־מדרש ווי אַן אָפּגעברענטער,
וואָס יאָגט זיך ראַטעווען זיין לעצטן שייער...

די קלויז איז אין די הינטערגעסלעך אַ פאַרצווייפלטע געלעגן,
געשליידערט זיך אין קראַמפן, ווי אַ ים אין זיינע ברעגן,
אַ מוצאי־שבתדיקע, אויסגעלאָשענע, אָן ליכט,
נאָר אין דער אויפגעברויזטער חשכות דער געדיכטער,
האָט ער דערפילט פאַרדבקעטע געזיכטער,
און גיך אַ טאַפּ געטאָן זיין אייגענעם געזיכט —
קאַלט. די באַקן שלאַבעריק, אַרום די ליפּן בייזע צוקן — — — —
אַ געבראָכענער האָט ער זיך צו דער קלויז גענומען רוקן...

הו — אין פינצטערן בית־מדרש האָט געברויזט אַ ים.
געשרייען האָבן גלײַך ווי פײַערדיקע פייגל אויפגעפלאַמט,
געקלאַפּט פאַרצווייפלט מיט די פליגל אָן די ווענט,
און אויסגעלאָשענע צוריק אַראָפּגעפאַלן
אויף די אויסגעשטרעקטע תּפילהדיקע הענט.
אַ וואַלד האָט זיך צעיאָמערט, יעדער בוים מיט אַ באַזונדער קול,
און אינעם שטורעם האָט געקלאָגט דעם ראש־ישיבהס שטים:
— מורי ורבותי, לאָמיר מאַכן איצט אַ תּפילה נאָך אַ מאָל:
„אַ ריינע האַרץ באַשאַף אונדז אלהים".

און ס'ענטפערט אים אַ הונדערטפאַכיקער צעוויגטער ווידערקול:
„אַ ריינע האַרץ באַשאַף אונדז אלהים"...

געשריי. איעדער זוכט אין דעם געבעט אַ תּיקון.
מען פּאַטשט: דער ראש־ישיבה האָט קיין כּוח ניט צו שרײַען.
איעדער פּרוווט זײַן אויסגעשריי פאַרשטיקן.
דער ראש־ישיבה לעשט אויס מיט זײַן שטימע אַלע איַי—איַי—אײַען:
— מורי ורבותי,
מען קען דערגרייכן אין איין שעה דעם אמת,
אים אײַנצוהאַלטן — דאַרף מען ראַנגלען זיך אַ גאַנצן לעבן. —
חיים ווילנער האָט דערהערט דעם ווײַטן רמז,
און ווי אַ הויז, וואָס האַלט בײַם אײַנפאַלן אַ קרעכץ געגעבן.
— מורי ורבותי,
אויב מיר קענען ניט אַריבער — מוזן מיר אַריבער!
אין קלויז איז ווידער אויסגעבראָכן דער געוויטער,
און חיים ווילנער בײַ דער קלויזטיר, אָפּגעטיילט פון גאַנצן ציבור,
האָט אין דער פינצטערניש אַרײַנגעיאָמערט ביטער.

— מורי ורבותי,
איך האָב געזען אין רוסלאַנד אין די בלוטיקע מהומה־טעג:
אַ מענטש האָט זיך אַרײַנגעשפּאַרט אין אַ געפּאַקטן צוג,
האָט מען אים אַרויסגעשלײַדערט דורכן פענצטער אויפן מיטן וועג...
אַרײַנגיין איז נאָך ניט גענוג,
מען מוז זיך אײַנבײַסן, זיך אײַנשטשעמען, פאַרקלאַמערן,
מען ווערט אַ מאָל אין מיטן לויף אַרויסגעשלײַדערט — — —
קעפּ און פויסטן זעצן אין די ווענט און האַמערן,
און דער ראש־ישיבה שטורעמט ווײַטער:
— דער גרעסטער נואף ר' אלעזר בן דורדיא,
האָט אין די קני זײַן קאָפּ פאַרגראָבן; אויף דער ערד
געיאָמערט, ווי אַ מלאך אַ פאַרשטויסענער, און ווי אַ חיה,
ביז דער הימל האָט זײַן תשובה פאָרט דערהערט.
מורי ורבותי,
אַ מענטש דאַרף קענען שטאַרבן פון חרטה שלוכצעניש צונויפגעדרייט,
און ווי אויף משהן — די מלאכים, זאָל דער הימל קלאָגן אויף זײַן טויט...
מורי ורבותי,
דאָס לעבן ווערט אַ לאַסט, אַ חרפה, און בלויז צער
פאַר דעם, וואָס וואַקלט זיך — וואָס קען ניט וואָגן;
אָ, פאַרן מענטשן איז דער גרעסטער גזר,
אויב ער קען זיך פון זײַן אַלטער טבע ניט אָנטזאָגן...
איז לאָמיר בעטן נאָך אַ מאָל:
אָבינו מלכנו... צערײַס דעם ביטערן גזר־דין — — —
און ווי אַ באַרג, וואָס שיט אַראָפּ זיך אין אַ טאָל,
האָבן זיך צעשאָטן אין געשריי — די זין
פון אוקראַינע, ליטע, פּוילן און וואָלין.
מען האָט שוין ניט געהערט דעם ראש־ישיבהס רייד,

אַן אָנגעטרערטע שטים איז זיך פאַרגאַנגען קראַנק און צאַרט,
אַזוי ווי אַ באַשטראָפטע קינד פאַרגייט;
אַ צווייטע שטים האָט זיך ווי שטאָל געגאָסן ברייט און האַרט,
ביז אַ קול, אַ רויטער, דורשטיקער האָט ביידע שטימען אויסגעטרונקען,
און אַליין אין פינצטערניש פאַרזונקען.
אַ הילך אַ שלעפעריקער, קאַלטער, ווי דער אָפּויפּ פון אַ ווייטער באַן,
האָט אין דער פינצטערניש אַרומגעזוכט, צי ס'איז פאַראַן
אַ לאָך, אַוווּ אַרייַנצוקריכן און זיך לייגן. —
אַ געשריי האָט דורכגעצאַקט, אַדורכגעפלויגן,
ווי אַ בליץ, וואָס קריצט מיט פייַער אויף אַ כמאַרע.

און ווי אין זונגליִ פון צעוויקעטער ערד אַ פאַרע,
איז אויפגעגאַנגען דאָס געבעט... עס האָט די קלוגע געקלעטערט
אויף פעלזנטרעפּ, אויף וואָלקנטרעפּ — אַרויף, אַרויף
און חיים ווילנער האָט געציטערט מיטן גאַנצן גוף
ווי אַ בוים, וואָס וויל ניט אָפּגעבן דעם האַרבסט די לעצטע בלעטער...

מיט אַ מאָל אַ טויבער קראַך —
אַלע לאָמפּן האָבן זיך ווי אָקס־אויגן פאַר דער שחיטה אָנגעצונדן,
ווי אייַז האָט אויפגעפלאַצט די נאַכט.
דאָס ליכט האָט פון די הענגלייַכטער געטריפט, ווי בלוט פון וווּנדן.
דער אָרון־קודש האָט זיך אויסבייגן פאַמעלעך אָנגעהויבן.
דער אַלטער אָרון מיטן היכל תורות און פאַרשטויבטע שניצערייַען
פאַמעלעך מיט צעשפּרייטע כהונה־הענט פון אויבן
האָט ער געבויגן זיך אַריבער אַלע קעפּ — פאַרשטיקט דאָס שרייַען.
דערשראָקן האָבן זיך געדראַפּעט אין דער הויך די לייבן,
געבליבן הענגען זייַנען אויפן זילבערנעם פּרוכת טויטע אויגן — — — —
דער אָרון־קודש האָט אויף דער פאַרשטאַרטער עדה זיך געבויגן...

ביז עס האָט צערעוועט זיך אַ הילפגעשריי — אַ רוף.
אַלע האָבן זיך אַ וואָרף געטאָן צעלעכערטע פון גוואַלדן,
געטראָטן האָבן פיס אויף קאָפּ, אויף האַלדז און גוף:
דעם אָרון-קודש אונטערהאַלטן!..
מיט אויסגעקרימטע פנימער פון שרעק, פאַרברענטע מײַלער פון געשריי,
נאָר אין די אויגן בלינד פאַרצווייפלטער בטחון —
אָ, ווי צום ברענענדיקן צימער פון איר קינד — אַ פרוי,
האָט מען זיך געשפאַרט, געריסן און געקראָכן...
צעברומט האָט זיך די קלויז, ווי אַ באַלאַגערטע מלחמה כטאָט:
אָבינו מלכנו... צוליב די אויסגעשאָכטענע פאַר דײַן אחד! — — — —

חיים ווילנער איז געלעגן בײַ דער קלויזטיר און געצאַפּלט,
געראַנגלט זיך, געוואָלט אין רעטונגס-לייטער זײַן אַ שטאַפּל —
ראַטעווען! — און ניט געקענט אַוועק פון שוועל;
אַ יאָמער טאָן — די צונג איז אײַנגעפראָרן אין זײַן קעל — — — —
און פלוצלונג האָט די גאַנצע קלויז פון אים זיך אָפּגעריסן,
דער אָרון-קודש האָט זיך אויפגעהויבן העכער, העכער,
אַ פאַרקלאַמערטער אין הענט,
חיים ווילנער האָט זיך מיט די ציין אין דיל צעבײַנגעביסן,
עס האָבן דורכגעשווינדלט פאַרבײַ אים די ווענט, —
אַוועקגעשטורעמט, ווי פאַרמשפטע טיטאַנען אויפן גיליאָטינע וואָגן.
פון ווײַטן האָט נאָך זייער דונער זיך דערטראָגן:
אָבינו מלכנו... טו דײַן גײַסט, דײַן הייליקן פון אונדז ניט אָפּ — — — —
דער דונער האָט זיך טויב אַלץ מער און מער דערווײַטערט,
און חיים ווילנער איז געבליבן — אַ פאַרוווּנדעטער אין אַן אָקאָפּ,
אַ בלינדער אין אַ נאַכטוואַלד בײַ אַן אויסגעבערענטן שײַטער — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

# מײַן קריג מיט הערש ראַסײנער

א

אין נײַנצן זיבן־און־דרײסיק בין איך געקומען קײן ביאַליסטאָק, אין דער שטאָט וואו איך האָב אין נײַנצן דרײסיק געלערנט אין דער ישיבה פֿון די נאָוואַרעדקער מוסר׳ניקעס. איך האָב דאָרט געטראָפֿן נאָך פֿיל פֿון מײַנע ישיבה־חברים. עטלעכע זײַנען אַפֿילו געקומען אויפֿן אָוונט זואָ איך בין אַרויסגעטראָטן. אַנדערע האָבן מיך באַזוכט געהײם, דער ראש ישיבה זאָל ניט וויסן. איך האָב געזען אויף זײערע פֿאַרוואָקסענע פּ־ים׳ער אַז זײ לײַדן פֿון זײער אָפּגעריסענעם הילוך. זײער יוגנטלעכע התלהבות האָט דורך דער צײַט אויסגעברענט. כאָטש זײ האָבן פֿרום אָפּגעהיט אַלע דינים און מנהגים, איז אויף זײ געלעגן די מידקײט פֿון שווערע גײַסטיקע דאַנגלעניש. זײ האָבן יאָרן־לאַנג געפּרוווט אַרויסרײַסן פֿון זיך דעם חשק צו די תענוגים פֿון לעבן, און שפּעט זיך אַרומגעקוקט, אַז די מלחמה מיט זיך אַליין איז אַ פֿאַרשפּילטע. זײ זײַנען דעם יצר־הרע ניט בײַגעקומען.

איך האָב באַגעגנט אויך אַזעלכע וואָס זײַנען דורך דער צײַט געוואָרן נאָך פֿרימער, ערנסטער און פֿאַרשלאָסענער. אומזיסט האָב איך זיך געריכט, אַז זײ וועלן, לויטן שטײגער פֿון די מוסר׳ניקעס, מיר שאַרף „אַרײַנזאָגן״. זײ האָבן מיך ניט געשטראָפֿט. טײל זײַנען געווען מיט מיר פֿרײַנטלעך, נאָר אויסגעמיטן אַרײַנצולאָזן זיך אין אַ וויכוח, און טײל האָבן מיט באַדויערונג געקרעכצט און געקוקט אויף מיר ווי אויף אַ פֿאַרלאָרענעם.

אײנעם האָב איך די גאַנצע צײַט אַרומגעזוכט און ניט געטראָפֿן, מײַן געוועזענעם חבר הערש ראַסײנער. ער איז געווען אַ פּעכיק־שוואַרצער בחור מיט גליאיקע אַראָפּגעלאָזטע אויגן, שטענדיק פֿאַרזונקען אין מחשבות, אַ שטרענגער און פֿאַרטיפֿטער שווײַגער. בלויז ווען ער האָט זיך געשאָקלט איבערן „חובת הלבבות״ האָט מען געהערט זײַן פֿאַרוויטאָגטע מרה־שחורה׳דיקע שטים. מען האָט אויף אים געזאָגט, אַז ער האָט צעבראָכן אַלע שטענדערס אין בית־מדרש בײַם לערנען מוסר מיט התפּעלות. אים האָב איך ניט באַגעגנט. געהערט האָב איך, אַז ער זיצט אויף אַ בוידעם, פּראַוועט התבודדות און קומט אַפֿילו ניט אין ישיבה.

איינמאָל איז ער אומגעריכטערהייט מיר אַנטקעגן געקומען אויף דער גאַס. ער האָט איילִיק געשפּרייזט, אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, ווי דער שטייגער איז ביי די נאַוואַרעדקער וואָס ווילן ניט בלייבן „אויג אויף אויג" מיט דער וועלט. דאָך האָט ער מיך באַמערקט. האָט ער פאַרלייגט די הענט אויף אַהינטער און זיי פאַררוקט אין די אַרבל, ער זאָל מיר ניט דאַרפן געבן קיין שלום. וואָס נענטער ער איז געקומען צו מיר, האָט ער אַלץ העכער איפּגעהויבן דעם קאָפּ. ווען מיר זיינען געשטאַנען פּנים אל פּנים, האָט ער מיך שאַרף אָנגעקוקט. ער האָט אַזש געפּאָכעט מיט די נאָזלעכער פון איפּרעגונג — און געשוויגן.

ביי די נאַוואַרעדקער אַז מען פרעגט: וואָס מאַכט איר? מיינט עס: וואו האַלט איר אין אידישקייט? צי זייט איר געשטיגן אין רוחניות? איך אָבער האָב פון דעם ניט געקלערט און גאַנץ פּשוט אַ פרעג געטאָן:
— הערש ראַסיינער, וואָס מאַכט איר?

אין ישיבה פלעגט מען זיך רופן נאָך דער שטאָט פון וואַנען מען קומט.

הערש האָט זיך אָפּגערוקט אַהינטער, מיך באַטראַכט פון קאָפּ ביז די פיס, דערזען אַז איך בין אויסגעפּוצט, האָט ער זיך מיט ביטול אַ קרים געטאָן, און שטרענג געענטפערט:

— און וואָס מאַכט איר, חיים ווילנער? מיין קשיה איז דאָך אַ גרעסערע.

איך האָב דערפילט ווי מיר ציטערן די ליפּן און איך האָב אים הייס געענטפערט:

— אייער קשיה, הערש ראַסיינער, איז קיין קשיה ניט. איך טו דאָס וואָס איך דאַרף טאָן.

דער ראַסיינער האָט ניט אַרויסגעצויגן די הענט פון די אַרבל הינטער זיין רוקן, נאָך ווייטער פון מיר זיך אָפּגערוקט, און מיט אַ געשריי אינמיטן גאַס מיר געשניטן גלייך אין פּנים:

— איר מיינט, חיים ווילנער, אַז אויב איז זייט אַנטלאָפן פון בית־מדרש, האָט איר זיך געראַטעוועט? איר ווייסט דאָך וואָס מען זאָגט ביי אונז: דער וואָס האָט געלערנט מוסר וועט קיין הנאה פון זיין לעבן מער ניט האָבן. איר וועט בלייבן אַ בעל־מום, חיים ווילנער. אַ קאַליקע וועט איר פאַרבלייבן אויף אייער גאַנץ לעבן. איר שרייבט אַפּיקורסות איז גראַמען און מען קנייפּט אייך דערפאַר אין בעקל ווי אַ חדר־אינגל. דער חילול־השם זאָל זיין נאָך גרעסער, זייט איר געקומען דרשענען אייער אַפּיקורסות דווקא אין דער שטאָט וואו איר האָט געלערנט. דערווייל שטאָפּט מען אין אייך כבוד, ווי אין אַ גאַנדז — קאַשע, און מען צאַצקעט זיך מיט אייך, דעם בן־זקונים! אָבער איר וועט זען שפּעטער ווען איר וועט נעמען גיין אין הדר צו די טרייפניאַקעס. איי, וועט מען שמייסן! וועמען פון אייך קרענקט ניט קיין בקורת? ווער איז דען פון צווישן

איך באמת אַזוי שטאַרק ער זאָל ניט בעטלען קיין הכּמה אויף זיך ? ווער פון אייך איז גרייט אַרויסצוגעבן זיין ביכל אָן זיין נאָמען ? דער עיקר איז דאָך ביי אייך דער נאָמען זאָל שטיין פון אויבן. נאָר פון אויבן! אונזער מנוחת הנפש האָט איר אויסגעביטן אויף תאוות וואָס איר וועט ניט דערגרייכן, אויף ספקות וואָס איר וועט, נאָך אַ סך יסורים, ניט פאַרענטפערן. אייער שרייבן וועט קיינעם ניט מאַכן בעסער, און אייך וועט עס מאַכן ערגער. איך האָב געהערט, אַז אייער ביכל, אייער ספר־פראַלניק הייסט „יאָ". אָבער איך זאָג אייך — ניין! איר הערט, חיים ווילנער ? — ניין!

אָפּגעזאָגט דאָס זייניקע, האָט הערש ראַסיינער געגומען ענערגיש אַוועקשפּאַנען מיט גיכע טריט. אָבער איך בין אויך געווען אַ מוסר׳ניק, האָב איך אים אָנגעיאָגט:

— הערש, איצט הערט איר — מיך. ווער ווייס נאָך אַזוי גוט ווי איך ווי צעריסן איר זייט. איר גרייסט זיך מיט דעם, אַז איר ווערט ניט נתפּעל ווען די גאַס לאַכט פון אייך וואָס איר טראָגט ציצית ביז די פּיאַטעס. איר רעדט זיך איין, אַז דער לייוונטענער טלית־קטן איז אַ פייערדיקע מחיצה צווישן אייך און דער וועלט. איר האַלט זיך ביי די ציצית ווי איינער וואָס טרינקט זיך האַלט זיך אָן אַ שטריק, נאָר דאָס העלפט אייך ניט צו שווימען קעגן שטראָם. איר זייט זיך אַליין מבזה, ווייל איר האָט מורא טאָמער וועט איר געפעלן דער וועלט, דער פּוּ־טיפערען, און איר וועט ניט האָבן קיין כּוח זיך אַרויסצורייסן ווי יוסף הצדיק. דעריבער אַנטלויפט איר פון נסיון און מיינט, אַז די וועלט וועט אייך נאָכיאָגן. נאָר ווען איר זעט, אַז די וועלט יאָגט אייך פאָרט ניט נאָך, ווערט איר בייז און שרייט: קיינער האָט ניט קיין הנאה פון זיין לעבן. איר ווילט זיך מיט דעם טרייסטן. און גייט איר אַוועק אין בדידות אויף אַ בוידעם, איז דאָס ווייל איר ווילט זיך בעסער אָפּזאָגן אינגאַנצן — איידער אָננעמען אַ ברעקל, וואָס די וועלט וואַרפט אייך צו. אַזאַ איז אייער עניוות. ס׳איז גאווה און ניט קיין פרישות.

און ווער האָט עס אייך געזאָגט אַז איך בין געגאַנגען זוכן הנאות? איך בין געגאַנגען זוכן אַן אמת וואָס איר האָט ניט. און אייגנטלעך בין איך אין ערגעץ ניט אַוועק, איך בין בלויז צוריקגעקומען צו מיין גאַס — צו ווילנער יאַטקעווער גאַס. איר מיינט אַז איר ציט אַראָפּ פון מיר די הויט, איך האָב אָנגעשריבן אַ בוך „יאָ" און איר שרייט מיר אין פּנים — ניין! איר באַנעמט ניט, אַז איך אַליין זאָג אויפן סדר פון דער וועלט — ניין! און פונדעסטוועגן בין איך אויף זיך גוזר צו זאָגן — יאָ! ווייל כ׳גלייב אין מיין גאַס. איך האָב ליב די טרעגער וואָס האָבן איבערגע־בראָכענע רוקנס פון שלעפּן משאות; די בעל־מלאכות וואָס גיסן זיך אָפּ מיט שווייס ביי די וואַרשטאַטן; די מאַרק־זיצערקעס וואָס פאַרשניידן זיך די פינגער אַבי צו געבן אַן אביון אַ מוציא ברויט. אָבער איר מוסרט די הונגעריקע אַז זיי זיינען זינדיק און איר הייסט זיי — תשובה טאָן. פון

די וואָס אַרבעטן און האַנדלען — לאַכט איר, ווייל זיי פּעלט בטחון. נאָר איר אַליין לעבט פון פּאַרטיקן וואָס פאַרהאָרעוועטע ווייבער ברענגען אייך און דערפאַר זאָגט איר זיי צו — יענע וועלט. הערש ראַסיינער, איר האָט שוין לאַנג פאַרקויפט אייער עולם הבא די אָרעמע ווייבער.

הערש ראַסיינער איז פון מיר אָפּגעשפּרונגען און פאַרשוואונדן. איך בין צוריק געפאָרן קיין ווילנע אַן אויסגעלאָדענער. אין קריג מיטן מוסר'ניק איז פאַר מיר אַליין קלאָר געוואָרן פאַרוואָס איך בין אַוועק פון בית־מדרש. אויב איך, האָב איך זיך געזאָגט, האָב פריער ניט גע־טראַכט פאַרוואָס איך גיי אַוועק און וואו איך גיי, האָט עס געטאָן אַן אַנדערער, אַ שטאַרקערער פון מיר — אין מיר גופא. דער אַנדערער און שטאַרקערער פון מיר — דאָס איז מיין דור און מיין סביבה.

## ב

עס זיינען אַריבער צוויי יאָר. די מלחמה צווישן דייטשלאַנד און פּוילן איז אויסגעבראָכן. מערב־אוקריינע און מערב־ווייסרוסלאַנד איז פאַרנומען געוואָרן פון דער רויטער אַרמיי. נאָכן אָפּזיין אַ פּאָר וואָכן אין ווילנע האָבן די רוסן געמאָלדן אַז זיי גיבן אָפּ די שטאָט צו די ליט־ווינער. צו אונז האָבן געגומען אָנקומען פּליטים וואָס האָבן ניט געוואָלט בלייבן אונטערן סאָוועטישן רעזשים. אויך די נאָוואַרעדקער ישיבה איז פון ביאַליסטאָק אַריבערגעפאָרן קיין ווילנע. דערווייל זיינען אין שטאָט געזעסן די סאָוועטן. ס'האָט געבושעוועט אַ הונגער און אויף די פּנים'ער איז געהאַנגען אַ פינצטערע כמאַרע צוליב די אַרעסטן וואָס די אַראָפּ־געשיקטע מינסקער ענקאַוואודעניקעס האָבן דורכגעפירט אין די נעכט. איך בין אַרומגעגאַנגען אַ געבראָכענער מיט אַ שווער געמיט. איינמאָל בין איך געשטאַנען אין אַ ריי נאָך ברויט. פּלוצלונג דערזע איך אין שטופּעניש — הערש ראַסיינער.

איך האָב געהערט אַז ער האָט פאַר דער צייט התונה געהאַט. זיין געזיכט איז געווען אַרומגעראָמט מיט אַ שוואַרץ בערדל, דער טראָט איינגעהאַלטענער און די קליידער — באַלעבאַטישער. איך האָב זיך מיט אים אַזוי שטאַרק דערפרייט, אַז איך האָב פאַרלאָזט מיין אָרט אין דער ריי נאָך ברויט, זיך דורכגעשפּאַרט דורכן געדראַנג און בין צו אים צוגעגאַנגען.

נאָר ער האָט קנאַפּ גערעדט און איז געווען זייער פאַרזיכטיק. איך האָב פאַרשטאַנען: ער טרויט מיר ניט און וויל ניט אַריינקריכן אין אַ צרה. איך האָב געזען אַז ער קוקט מיך אָן און פאַרשט, צי ער דאַרף זיך פאַר מיר היטן אָדער ניט. הייזט אויס אַז ער האָט דערפילט מיין דער־שלאָגנקייט. האָט ער פאַרשטעלט מיט זיין האַנט דאָס מויל, ווי ער וואָלט באַהאַלטן זיין קרומען שמייכל, נאָר אין זיין בליק האָט אַ פינקל געטאָן הוזק, און מיטן קאָפּ האָט ער אַ וויז געטאָן אויפן ברוק, וואו עס זיינען געשטאַנען טאַנקען אָפּגעהיט פון רויט־אַרמייער.

— נו הייב, האָט הערש שטיל אַ זאָג געטאָן, איצט זייט איר שוין צופרידן? דאָס האָט איר געמיינט?

איך האָב פּרובירט אַ שמייכל טאָן און אויך אַזוי שטיל געענטפערט:
— הערש, וואָס פאַר אייך איז טרייף, איז נאָך פאַר זיי ניט כשר.

אָבער אָן דעם האַרטן ערנסטן אויסדרוק פון זיין פּנים האָב איך דערפילט די גלייבעכדיקייט פון מיין הלצה. האָב איך זיך צו אים צוגערוקט נאָך נעענטער און געזאָגט:

— הערש, איך טראָג ניט פאַר דעם קיין אַחריות ווי איר טראָגט ניט קיין אחריות — פאַר מיר.

דער ראַסיינער האָט זיך אַ טרייסל געטאָן, געציילט איטלעך וואָרט הויך, שאַרף און שניידיק ווי ער וואָלט פאַרגעסן אָן דער מורא:

— איר האָט אַ טעות, חיים, איך טראָג יאָ פאַר אייך אחריות.

ער איז אָפּגעטראָטן אַ פאַר טריט אַהינטער און שטרענג אַ וויין געטאָן מיט די אויגן אויף די רויט־אַרמייער ביי די טאַנקען, ווי ער וואָלט געזאָגט: און דו טראָגסט אייך פאַר זיי אחריות.

אין ווידער זיינען אַריבער ניין יאָר, די יאָרן פֿון קריג און חורבן, פֿון מיין זיין נע־ונד אין רוסלאַנד, פּוילן און מערב־אייראָפּע. אין ניינצן אַכט־און־פֿערציק, אין אַ זומערדיקן פֿאַרמיטאָג, בין איך געפֿאָרן אין דער פּאַריזער אונטערערדישער באַן. אין ענגשאַפֿט זיינען געשטאַנען פּאָרלעך און זיך געקושט. קליינוואוקסיקע פֿראַנצויזינס זיינען געהאָנגען ווי פֿאַר'חלש'טע אויף די מיילער פֿון זייערע שוואַרץ־געקרויזטע אינגלעך. די אינגלעך האָבן קונציק איינגעהאַלטן זייער גלייכגעוויכט אין דעם זיך טרייסלענדיקן וואַגאָן, און זיך ניט אָפּגעריסן פֿון די מיידלשע ליפּן. אַ הויכער ברייטער יונג האָט אַריינגערוקט זיינע הענט ביז צו די עלנבויגנס אין די אייזערנע קלאַמערן וואָס זיינען אַראָפּגעהאַנגען פֿון סופֿיט. דער יונג האָט געצויגן זיין קאָפּ אַרונטער, און אַ מיידל האָט אויף די שפּיצן פֿון אירע פּיס־פֿינגער זיך געצויגן צו אים אַרויף. זי האָט אָבער ניט געקענט דערגרייכן צו זיין גאָמבע, האָט זי איר שמאָל פּנימ'ל צוגעטוליעט צו זיין ברייטער ברוסט. עלטערע פֿראַנצויזן אין בערעטן זיינען געזעסן אויף די בענק, פֿאַמעלעך און פֿויל געבלעטערט צייטונגען. באַיאָרנטע באַלעבאָסטעס באַלאָדן מיט פּעקלעך זיינען געזעסן פֿאַרטראַכט, און נאָר זייערע פֿינגער האָבן זיך האַסטיק באַוועגט. זיי האָבן געשטריקט זאָקן, וואָלענע יאַקלען און קאָפּ־טיכער. איין פֿרוי, געפֿאַרבט און געפּודערט, האָט געשטאַרט אומבאַוועגלעך ווי אַן אויסגעשטאָפּטער פֿויגל, און מיט פֿאַרשטייפֿטע ליפּן געקוקט אויף דעם פֿאָדעם, ווי דאָס וואָלט געווען דער אָפּגעוויקלטער פֿאָדעם פֿון אירע יאָרן. דער גרויער באַוול־קנויל האָט אויסגעזען, ווי אַן אַלטער קאָטער וואָס ליגט און שלאָפֿט צונויפֿגעדרייט אין שויס פֿון אַ פֿאַראיינזאַמטער פֿאַרגעסענער דאַמע.

אומגעריכט האָט זיך דער וואַגאָן אַ שטאַרקן טרייסל געטאָן. פֿון שטויס האָבן זיך די פּאָרלעך אַ וואַקל געגעבן, זיינען זיך צעפֿאַלן און זיך אויסגעמישט. אין דער שטילקייט האָט זיך דערהערט אַן אומצופֿרידן געמורמל און אַ לייכט געלעכטערל. איין רגע שפּעטער האָבן זיך הענט און ליפּן בלינד אויפֿגעזוכט און אויפֿסניי פֿאַרגליווערט געוואָרן אין שטילער קושעניש. קיינער האָט ניט גערעדט אַ וואָרט. אין וואַגאָן איז געווען דושנע־הייס פֿון דער בייטאָגיקער היץ און פֿון דער זיס־פֿאַר'שיכור'טער צעגליטער תאווה פֿון די פּאָרלעך, וואָס זיינען געפֿאָרן מיטן מעטראָ צו די הינטער־שטאָטישע פּאַרקן.

קעגן מיין ווילן האָט די פאַרדבקעטקייט פון די צונויפגעהאַפטענע גופים מיך דערמאָנט אין — אַ שמונה־עשר׳דיקער שטילקייט. איך האָב שאַרף־צודרינגלעך אַריינגעקוקט אין די פּנים׳ער פון מיינע מיט־פּאַרערס, ווי איך וואָלט געוואָלט אַז זיי גופא זאָלן אָפּלייקענען מיין בית־מדרש׳דיקן פאַרגלייך צווישן זיי און אַ תפילה אריכתא. אָבער קיינער פון זיי האָט אפילו ניט באַמערקט דעם אַרויסרופערישן בליק פון אומדערצויגענעם אויסלענדער. דאָס האָט מיך נאָך מער פאַר־דראָסן. איך האָב דערפילט, אַז איך האָב מחלל געווען אַ ווייטן הייליקן אָנדענק. מיטאַמאָל האָב איך דערזען אַ באַקאַנט פּנים, וואָס איז די גאַנצע צייט געווען פאַרשטעלט מיט אַ פרעמדער פּלייצע, און ערשט ווען די פּאָרלעך האָבן זיך איבערגעשטעלט, איז זיין ווינקל געוואָרן פריי. דאָס האַרץ אין מיר האָט זיך אָפּגעריסן. איז ער לעבן געבליבן? ער איז דאָך געווען אין ווילנע ביים דייטש? ווען איך בין צוריקגעקומען אין מיין חרוב׳ער היים אין ניינצן פינף־און־פערציק האָב איך אים ניט געטראָפן און אויך פון אים ניט געהערט. אָבער פאָרט די זעלבע אויגן, די זעלבע עקשנות׳דיקע פאַרריסענע נאָז, בלויז די ברייט־צעוואָק־סענע שוואַרצע באָרד איז ביי די זייטן און שפּיצן גרוי געוואָרן. שטאַרק פאַר׳חידושט האָט מיך, וואָס ער קוקט אזוי גלייך און רואיק אויף די פּאָרלעך, און אין זיין ערנסט־טרויעריקן בליק לויכט נאָך אַ גוטמוטי־קער שמייכל. דאָס איז אַזוי ניט ענלעך צו אים. פאַר דער מינוט אָבער וואָס איך האָב אים באַטראַכט, האָב איך באַמערקט, אַז ער קוקט אויף די מענטשן מיט אַ ווייט־פאַרטראַכטענעם בליק און זעט זיי ניט. ער איז געווען אָנגעטאָן ריין, אין אַ לאַנגער קאַפּאָטע און אין אַ ציכטיק־ווייס העמד, פאַנאַנדערגעשפּיליעט ביים האַלדז, אָן אַ שניפּס. איך האָב אַ טראַכט געטאָן: ער פלעגט קיינמאָל ניט טראָגן קיין שניפּס. און אַ מאָדנע זאַך, דאָס האָט מיך איבערצייגט מער פון אַלץ, אַז דאָס איז — ער.

איך האָב זיך דורכגעשטופּט דורך די פּאַסאַזשירן צום איד און אַרויסגעשטאַמלט:

— זייט מוחל, זייט איר ניט ר׳ הערש ראַסיינער?

דער איד האָט מיך אָנגעקוקט, פאַרקנייטשט דעם שטערן און אַ שמייכל געטאָן:

— איי חיים, חיים, דאָס זייט איר? שלום־עליכם! וואָס מאַכט איר?

איך האָב גלייך דערפילט, אַז דאָס מאָל האָט הערש ראַסיינער געפרעגט „וואָס מאַכט איר” ? ניט ווי מיט עלף יאָר צוריק בייז און מיט הזק: וואָס מאַכט איר אין רוחניות? ער האָט עס אַרויסגעזאָגט שטיל, פּשוט און האַרציק, אַביסל פאַרזאָרגט, ווי מען פרעגט ביי אַן אַלטן פריינט וועמענס צרות מען ווייס סיי ווי.

מיר האָבן זיך פאַרקליבן אין אַ ווינקל און ער האָט מיר דערציילט בקיצור, אַז ער איז געווען אין לעטלאַנד אין אַ לאַגער. איצט איז ער אין דייטשלאַנד, אין זאַלצהיים א ראש־ישיבה.

— אַ ראש־ישיבה אין דייטשלאַנד אין אַ לאַגער? און ווער זיינען אייערע תלמידים, ר' הערש?

— וואָס מיינט איר, חיים, האָט ער געשמייכלט, כביכול איז געבליבן אַ יתום? עס זיינען נאָך דאָ בחורים'לעך, געלויבט דער אייבערשטער, וואָס לערנען תורה.

ער האָט מיר דערציילט, אַז מיט אַ מנין פון זיינע תלמידים איז ער געווען אין לאַגער. ער האָט זיי מקרב געווען, מחנך געווען אין אידיש־קייט און געהאָלפן אין דער אַרבעט, מחמת זיי זיינען נאָך געווען קינדער און זייער אָפגעשוואַכט. ביינאַכט פלעגן זיי זיך אַלע אַרומזעצן זיין גע־לעגער און מען פלעגט אינאיינעם זאָגן תהילים. געווען אין לאַגער אַ דאָקטאָר, פלעגט ער טענה'ן, אַז ער וואָלט אָפגעגעבן אַ העלפט פון זיין לעבן ער זאָל אויך קענען זאָגן תהילים. נאָר ער האָט ניט געקענט, אים האָט געפעלט אמונה, נעבעך.

איך בין געווען גליקלעך מיט דער באַגעגעניש און געוואָלט אויס־מיידן אַ וויכוח. האָב איך סתם אַזוי אַ פרעג געטאָן:

— ווי געפעלט אייך פאַריז?

— כ'ווייס, האָט ער קוים אַ צי געטאָן מיט די אַקסל ווי עס וואָלט ניט כדאי געווען וועגן דעם צו ריידן, פאַר אייך איז פאַריז מסתמא אַ נסיון. איך בין דאָ אפשר צום זעקסטן אָדער זיבעטן מאָל.

— און וואָס טוט איר דאָ אַזוי אָפט? איר פירט געשעפטן?

— אוודאי פירט מען געשעפטן, האָט דער ראַסיינער מיושב'דיק און צופרידן געגלעט די באָרד, גאָר גרויסע געשעפטן. מען ברענגט אַהער ישיבה־לייט און מען שיקט זיי אָפּ ווייטער קיין ארץ־ישראל און אַמעריקע. מען פירט פון דאַנען צוריק ספרים. איך בין אפילו געפלויגן, מיטן אייבערשטנס הילף, צוויי מאָל קיין מאַראָקאָ.

— קיין מאַראָקאָ? וואָס האָט איר דאָרט געטאָן, ר' הערש?

— געבראַכט אין ישיבה תלמידים פון די מאַראָקאַנער אידן. גע־רעדט אין שול דאָרט.

— און ווי האָט איר גערעדט צו זיי? איך קענט דאָך ניט קיין אַראַביש אָדער פראַנצויז.

— דער אייבערשטער העלפט, האָט ער אויפגעהויבן די אויגן, און ס'איז דען אַ חילוק ווי מען רעדט? דער עיקר איז דאָך וואָס מען רעדט. און אומגעריכט טוט ער צו מיר אַ זאָג: וואָס הערט זיך, חיים? עס איז דאָך ציים אויך פאַר אייך אַ טראַכט צו טאָן פון תשובה. מען איז שוין בעלטער ווי ווייטער.

איך האָב זיך אַ טרייסל געטאָן:

— וואָס מיינט איר מיט דעם „מען איז שוין בעלטער ווי ווייטער"?

— איך מיין, האָט ער אויסגעצויגן מיט אַ ניגון, אַז מיר זיינען ביידע אָפגעפאָרן מער ווי אַ האַלב לעבן. איז וואָס הערט זיך ר' חיים?

האָט ער שטאַרק אין לאַנג באַטאָנט דעם „רב“, וואו פאָרט איר, נישיים זשע איבאייגעם מיט זיי? האָבן זיינע אויגן אַ לאַך געטאָן פון די יונגע פּאָרלעך, נישיים זשע וועט איר אַראָפּגיין דאָרט וואו זיי? און אפשר גלייבט איר נאָך אַלץ אין דער אכזריות'דיקער וועלט?

— און איר, ר' הערש, האָב איך זיך אַנגעזעגנט, איר גלייבט נאָך אַלץ אין השגחה פּרטית? איר זאָגט אַז כביכול איז ניט געבליבן קיין יתום. אָבער מיר זיינען געבליבן יתומים. אייך האָט געטראָפן אַ נס, ר' הערש, איר זייט ניצול געוואָרן. אָבער וואו איז דער גאַנצער כלל? און איר גלייבט?

— אוודאי גלייב איך, האָט דער ראַסיינער צענומען די הענט מיט המימות'דיקער פאַרוואונדערונג, מ'קען דאָך אָנטאַפּן די השגחה פּרטית. איר שטעלט זיך פאָר אַזאַ מאמין וואָס גלייבט אַז דער אייבערשטער געפינט זיך נאָר דאָרט וואו עס זיינען דאָ וועלדער מיט פּאָמעראַנצן און ער געפינט זיך ניט, חס ושלום, דאָרט וואו עס איז מדבר און וויסטע־ניש? איר ווייסט דאָך וואָס עס שטייט: כשם שאדם... ווי אַ מענש דאַרף מאַכן אַ ברכה אויף גוטס, דאַרף ער אויך מאַכן א ברכה אויף שלעכטס וואָס געשעט מיט איִם. מען דאַרף פאַלן פאַר דער גרויסקייט —

— איז וואָס ווילט איר, ר' הערש, האָב איך אים איבערגעריסן, איך זאָל אייַנזען די גרויסקייט פון גאָט אין דעם וואָס נאָר ער האָט געקענט ברענגען אַזאַ חורבן און ניט קיין בשר־ודם? איר זייט אַוועק נאָך ווייטער פון תהילים וואָס איר פלעגט זאָגן אויף אייער געלעגער אין קאָנצלאַגער. דער בעל התהלים זעט די גרויסקייט פון גאָט אין דעם וואָס די זון גייט אַרויס יעדן טאָג און איר צייט און דער ים פלייצט ניט אַריבער די ברעגן, אָבער איר זעט ניסים אויך אין קאַטאַסטראָפעס.

— בלי ספק, האָט דער ראַסיינער געלאַסן געענטפערט, זע איך אומעטום, אין אַלץ און אין יעדע רגע השגחה פּרטית. איך קען קיין איין מינוט ניט בלייבן אויף דער וועלט אָן דעם רבונו של עולם. ווי וואָלט איך עס אויסגעהאַלטן אָן אים אין אָט דער רוצח'ישער וועלט?

— אָבער איך וויל ניט און קען ניט מצדיק זיין דעם דין, איך קען ניט!

— איר קענט, האָט דער ראַסיינער פריינדלעך אַרויפגעלייגט זיין האַנט אויף מיין אַקסל, איר קענט... ביסלעכווייז. זייט איר דען אַוועק פון אונז מיט איינמאָל? און קען דען א מענש אַוועקגיין מיט איינמאָל? מען גייט אַוועק ביסלעכווייז און אַזוי קומט מען אויך צוריק. פריער פאַרשטייט דער בעל תשובה אַז די וועלט קען ניט זיין אָן אַ מנהיג. דערנאָך באַנעמט ער אַז דער מנהיג איז דער אלוקי ישראל. און אַז עס איז ניטאָ חוץ אים נאָך אַ כוח וואָס העלפט אים פירן די וועלט. לסוף קומט מען צו דער הכרה אַז חוץ אים איז בכלל קיין זאַך ניטאָ און אַז די וועלט איז אין אים. ווי עס שטייט געשריבן: לית אתר פנוי מניה, ס'איז ניטאָ קיין אָרט וואָס איז ליידיק פון אים. און אַז איר וואָלט דאָס פאַרשטאַנען, חיים, וואָלט איר במילא פאַרשטאַנען ווי אַזוי מען דערזעט

די התגלות פון אייבערשטן אין אומגליק פונקט ווי אין דער ישועה.

דער ראסיינער האָט גערעדט מיט אַ וואַרעמער טעם, מיט פאַרטערלעכער גוטסקייט אין די אויגן און האָט די גאַנצע צייט ניט אַראָפּגענומען זיין האַנט פון מיין אַקסל. איך האָב דערפילט אַ גרויסע ליבשאַפט צו אים און פאַרשטאַנען אַז ער איז אַוועק אין זיין פרומקייט גאָר אַסך ווייטער ווי מיט יאָרן צוריק.

— ר׳ הערש, איר רעדט דאָך עפּעס גאָרניט מעשה נאָוואַרעדקער, נאָר ווי אַ חבדניק, ווי אַ חסיד וואָס לערנט דעם „תניא״.

דער ראסיינער האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ:

— ביי אייך וואָס איר שטייט אינדרויסן און חסידות און מוסר איז כתם אַ חקירה, זעט איר צווישן ביידע שיטות קודם כל דעם חילוק. נאָר פאַר די וואָס היטן אָפּ אידישקייט למעשה, איז עס איין זאַך. און דאָס וואָס די רבנים האָבן אַמאָל געקריגט אויף חסידות און מוסר, איז עס געווען צוליב מורא, אַז דער נייער דרך זאָל ניט אָפּרייסן אידן פון אָפּהיטן דינים און מנהגים בכל חומר הדין. אין דער אמת׳ן האָט מוסר און חסידות פאַרשטאַרקט אידישקייט און מען האָט שוין לאַנג פאַרגעסן אָן די מחלוקות. ס׳איז איין תורה. עס ווענדט זיך נאָר פון וועלכער נקידה מען קוקט. און אַז איך דערפיל זיך אָפּגעשוואַכט אין זהירות פון אַ דין, לערן איך שלחן ערוך. און ווען איך דערפיל זיך געבראָכן אין מלחמת החיים, לערן איך מוסר. און ווען איך דערזע, אַז מוסר פאַרפירט מיך צו ווייט אין עצבות און אין פרישות, און רייסט מיך אָפּ פון כלל ישראל און אהבת ישראל — לערן איך חסידות.

## ד

מיר זיינען אַרויס פון מעטראָ נאָענט צום אידישן קוואַרטאַל „רי דע ריוואָלי״ און זיינען פאַרבייגעגאַנגען דעם אַלטן פּאַריזער ראָט־הויז „האָטעל דע וויל״. אין די נישעס פון האָטעל, אויף די ראַנדן פון די פענסטער, אין דריי רייען איינע איבער די אַנדערע ביז צום קאַרניז פון דאַך, שטייען צענדליגער שטיינערנע פיגורן, ווער מיט אַ שווערד, ווער מיט אַ בוך, ווער מיט אַ פאַליטרע און פענדזל, און ווער מיט געאָמעטרישע מכשירים. גרויסע מחנות טויבן האָבן באַדעקט די סטאַטועס. יעדע רגע פלעגט זיך אָפּרייסן אַ פייגל־טשאַטע פון בנין, מיט אַ זיידענעם געפלאַטער דורכגערייַשט דורך דער לופט, אַראָפּגעלאָזט זיך אויף דעם דערבייאיקן פּלאַץ און אין די אַרומיקע געסלעך, געזוכט שפּייז, געהיפּערט און געוואָרקעט. אָנגעפּיקט מיט קערנער, פלעגט די מחנה אויפדאָסניי זיך אַ טראָג טאָן מיט צעפּאָכעטע פליגל צו די דענקמעלער. אַזוי הין און צוריק. ס׳האָט אויסגעזען ווי אַ ים וואָלט געגאַנגען כוואַליעסווייז צום ברעג און אָפּגעפאַלן אין אַ זייער האַסטיקן אָפּבייט פון צופלוס און אָפּפלוס.

דער ראַסיינער האָט געזען אַז איך קוק אויף די דענקמעלער, האָט ער אויף זיי קרום אַ בליק געטאָן :

— ווער זיינען זיי די עבודה־זרות?

איך האָב אים אויפגעקלערט אַז דאָס זיינען באַרימטע מענטשן פון פראַנקרייך. מלוכה־מענער, נאַציאָנאַלע העלדן, געלערנטע און קינסטלער.

— ר׳ הערש, האָב איך זיך ביי אים געבעטן, קוקט זיך איין אין די שטיינערנע סטאַטועס. מיר דאַכט זיך אַז זיי שמייכלען צו די מהגות פייגלען וואָס פלאַטערן אַרום זיי. אָט די אַמאָליקע גרויסע מענטשן זיינען איצטער גליקלעך וואָס זיי שטייען אויף אַ פּלאַץ, וואו עס איז שטענדיק אַ געפּילדער פון קליינוואַרג און אַ געדראַנג פון דערוואַקסענע. קומט צו נעענטער, זעט וואָס פאַר אַ ליכטיקייט עס שטראָמט פון זייערע מאַרמאָרנע אויגן. זעט וויפל גוטסקייט עס ליגט אין די טיפע קנייטשן פון זייערע שטיין־צעשפּאָלטענע פּנים׳ער. איר רופט עס עבודה זרה, און מיר, איך זאָג עס אייך אָן מליצה, מיר ווילט זיך ווייגען ווען איך זע אין די פּאַריזער פּאַרקן, אויף די פלעצער און אין די גאַלערייען אָט די סקולפּטורן. דאָס איז דאָך אַ נס, ווי אַזוי האָט עס געקענט אַ מענטש אַריינבלאָזן אין שטיין אַ רוח חיים? ווען איר זעט אַ לעבעדיקן

מענשן, זעט איר נאָר אים אַליין. אָבער ווען איר קוקט אויף אַ מענטשן אויסגעוואַקסן אין בראָנז, זעט איר דעם מין האנושי, די אייביקע אידייע פון מענש, ווי דאָס הייסט. איר פאַרשטייט מיך? אָט דער, זעט איר, איז אַ משורר מיט אַ וועלט־נאָמען. דער גרויסער שרייבער, דאַרפט איר וויסן, ברייטערט אויס אונזערע השגות און וועקט אין אונז רחמים צום מענשן. ער באַווייזט אונז די טבע פון יענעם וואָס קען ניט בייקומען זיינע פאַרלאַנגען. אפילו דעם רשע משפּט איר ניט מער לויט זיינע נאַקעטע מעשים, נאָר לויט די יסורים וואָס ער ליידט אין דער מלחמה מיט זיך אַליין און מיט דער גאַנצער וועלט צוליב זיינע ליידנשאַפטן. איר גיט אים ניט גערעכט, אָבער איר פאַרשטייט אַז ער קען ניט אַנדערש... וואָס צופּט איר די באָרד מיט אַזאַ כעס, ר׳ הערש?

דער ראַסיינער האָט פון צאָרן זיך געפּליקט די באָרד און מיך אָנגעקוקט מיט פייערדיקע אויגן:

— ווי שעמט איר זיך ניט, חיים, אַזוי צו פּלוידערן, האָט ער אויסגערופן. איר האָט נאָך אַזאַ פאַרשטאָפּט האַרץ צו ווייַנען פון התפּעלות, ווי איר זאָגט, ווען איר גלאָצט אויף די אָנגעמאָליעטע און אויסגעקלעפּטע גולמים — אין אַ צייט ווען פון ווילנער גאונ׳ס קלויז זיינען געבליבן פאַררייכערטע ווענט? אויף דעם חרוב׳ן ארון־קדוש פון ווילנער שטאָט־שול זאָלט איר וויינען! אָט די קינסטלער אייערע, די מצבות־האַקער; אָט די משוררים וואָס האָבן באַזונגען די קייסאָרים; אָט די קאָמעדיאַנטן וואָס האָבן געטאַנצט און געשפּילט פאַר די שררות, — האָבן זיך אייערע מייסטערס אַמאָל פאַרטראַכט וועגן דעם, אַז זייער אַפּטרופּוס, דער מלך, הרג׳עט אויס אַ גאַנצע שטאָט מיט ווייבער און קינדער און גזל׳ט אַלץ אַוועק, כדי זיי, די מייסטערס, אָפּצוקויפן מיט געלד? די נביאים האָבן אויך געחנפ׳עט די מל כים און אויך גענומען ביי זיי אתנן זונה־מתנות? און וואָס פאַר אַ בעל רחמים איר זייט עס! דער שרייבער באַווייזט אַז דער רשע איז אַ קרבן פון זיינע מדות מגונות. אַזוי, דאַכט זיך, האָט איר געזאָגט. א רחמנות טאַקע אויף דעם מורד און בעל גאוה וואָס צעברעכט אַנדערע און ווערט באַדיי אַליין צעבראָכן. א גרויסער צער נעבעך! איר וועט דאָך מיר ניט איינשמועסן, אַז זיין אַ צדיק און טאָן גוטס אָן א פניה איז לייכטער ווי צו זיין אַ נואף. פונדעסטוועגן איז אייך טשיקאַווע צו באַשרייבן דווקא דעם בעל תאווה, איר קענט אים בעסער, ווייל ער שטעקט אין אייך און אין אייערע קינצלער. אויב איר פאַרענטפערט דעם רשע מרושע, איז ביי מיר אייער גאַנצע שרייבעריי מוקצה מחמת מאוס. פאַר׳משפּט׳ן זאָלט איר דעם רשע! פאַר׳משפּט׳ן זאָלט איר דעם זולל וסובה! ער קען ניט אַנדערש — זאָגט איר? ער מוז קענען אַנדערש! איר האָט מיר דאָ אָפּגעזונגען אַ פּיגעם „ברכי נפשי״ צו די פאַרשימלטע געצן, חיים ווילנער.

הערש ראַסיינער איז געשטאַנען אַן אויסגעגלייכטער און מיר אַריינגעקוקט אין די אויגן שאַרף און דראָענדיק ווי מיט עלף יאָר צוריק ביי אונזער באַגעגעניש אין ביאַליסטאָק אויף דער גאַס. זיין שטים איז

געוואָרן האַרט און הילכיק. פאַרבייגייער האָבן זיך אָפּגעשטעלט קוקן אויף דעם בערדיקן אידן, וואָס שטייט און טייטלט מיט אַ פינגער אויף די סקולפּטורן פון „האָטעל דע וויל", ווי ער וואָלט צו זיי געשריען. הערש האָט די פאַרבייגייער אַפילו ניט באַמערקט. זיין באָרד איז זיך צעפלויגן איןביידע זייטן, ווי אַ שוואַרצער פויגל מיט צעפּאַכטעטע פליגל וואָלט אַראָפּגעשאָסן פון אַ סטאַטוע. איך האָב זיך געשעמט פאַר די רואיק־צעשמייכלטע פראַנצויזן וואָס האָבן אונז נייגעריק אָנגעקוקט, און ס'האָט מיך איפּגערעגט דעם ראַסיינערס געליאַרעם אינמיטן גאַס, ווי ער וואָלט געהאַלטן אַ דרשה פאַר אַ גרויסן עולם אין אַ בית־מדרש.

— שרייט ניט, האָב איך אויפגערייצט אַרויסגעצישעט, איר מיינט, אַז נאָר איר האָט אַ מאָנאָפּאָל אויף חסד און אמת. איר הייבט אָן ווידער פון דאָרט וואו מיר האָבן געלאָזט מיט עלף יאָר צוריק. איר פלעגט זיצן אין נאַוואַרעדאָק שטענדיק מיט פאַרמאַכטע פענסטער. אָבער ס'איז נאָך אַלץ געווען פאַר אייך צו ליכטיק אין בית־מדרש, זייט איר אַנטלאָפן אויף אַ בוידעם. און פון בוידעם זייט איר אַרונטערגעקראָכן אין אַ קעלער. און פון קעלער האָט איר אַריינגעפּויזעט אין אַ לאָך אונטער דער ערד. דאָרט האָט איר געפּראַוועט התבודדות און זיך איינגערעדט, אַז מחשבות און הרגשים וואַקסן אויפן מענשן ווי האָר, מען קען זיי אויסשערן און נאָר לאָזן באָרד און פּיאות — הייליקע מחשבות און מדות טובות. איר האָט אויסגעטראַכט אַ וועלט און זייט זי מבטל. איר האָט אויסגעטראַכט אַ מענשן און איר הייסט אים זיך שטעלן אויפן קאָפּ: ווער אַנדערש! אָבער אפילו די לאַגערן האָבן ניט געמאַכט דעם מענשן אַנדערש. דער שלעכטער איז דאָרט געוואָרן נאָך ערגער. ער וואָלט אפשר אָפּגעלעבט אַ לעבן און זיך אליין ניט דערקענט, נאָר אין נסיון האָט מען דערזען זיך און אַנדערע — נאַקעט. אפילו דער בעסערער מענש איז אויך נאָך דער באַפרייאונג — נאָך ניט באַפרייט געוואָרן פון דעם סם וואָס ער האָט געמוזט איינזאַפּן הינטער די שטעכל־דראָט. היינט אויב דער לאַגער האָט דעם מענשן ניט איבערגעאַנדערשט פון גרונט אויס, וועט איר אים איבעראַנדערשן דורך „אַ וועד", דורך „אַ רעדל", דורך „אַ בירזשע", דורך שאָקלען זיך אונטער דעם „תומר דבורה"?

דער ראַסיינער האָט מיך אָנגעקוקט אַ דערשטוינטער. דער אָנגעצונדענער כעס אין זיינע אויגן האָט זיך אויסגעלאָשן, נאָר אין זייער שוואַרצן גלי איז געבליבן ווי אַן אָפּגלאַנץ פון אַ וויטער שׂרפה:

— איר ווייסט ניט וואָס איר רעדט, חיים, האָט ער געזאָגט שטיל און מיט באַדויערונג. ווער האָט עס אייך געזאָגט אַז סתם יסורים מאַכן בעסער? נעמט, למשל, דעם יום המיתה. אַז אַ פרומער דערמאָנט זיך אָן טויט, ווערט ער נאָך פרימער, ווי אין פּסוק שטייט: טוב ללכת אל בית אבל. און אַז אַ פרייער דערמאָנט זיך אַז ער וועט שטאַרבן, ווערט ער נאָך ווילדער, ווי דער נביא זאָגט וועגן די געדאַנקען פון די רשעים:

נאכל נשתה כי מחר נמות. נמצא, אַז אַ דרויסנדיקע סיבה קען ניט שלעפּן צוריק צו אידישקייט. דאָס האַרץ און די מהשבה דאַרף זיין גרייט דערצו. ווער עס איז ניט געקומען אַן אָנגערעגטער אויף העכערקייט, איז אין לאַגער זיכער ניט געשטיגן. אָבער דער איש הרוח ווייס, אַז שטענדיק און אומעטום מוז ער גיין מעלה מעלה, אויב ניט פאַלט ער מטה מטה, ווי דער גאון זאָגט. און וואָס איר טענה'ט אַז א מענש קען ניט ווערן אַנדערש — איז עס שקר מוהלט. מבשרי אחזה אלוה! הערש ראסיינער יוכיח אַז א מענש קען ווערן אַנדערש. איך וועל אייך ניט גיין אויסדערציילן פון וויפל תאוות איך האָב געליטן; וויפל מאָל עס האָבן ביי מיר שיער ניט געפּלאַצט די אָדערן אין קאָפּ פון רתיחת הדם; וויפל הקפדות איך האָב געדאַרפט פון זיך אַרויסרייסן; פון וויפל רגילות'ן איך האָב זיך געדאַרפט אָפּגעוואוינען. אָבער איך האָב געוואוסט, אַז ווער עס פאַרלייקנט זיך גופא, איז מודה אין רבונו של עולם. איך האָב געוואוסט, אַז דער גרעסטער גזר־דין פאַר אַ מענשן איז, אויב ער קען זיך ניט אָפּזאָגן פון זיין אַלטער טבע. און וויבאַלד איך האָב געוואָלט אויף אַן אמת זיך בייקומען, האָט מיך דער אייבערשטער געהאָלפן.

— איר זייט נאָך געבליבן אַ קפדן, ר' הערש, זייט מוחל. איר ווילט בשום אופן ניט איינזען אַז אָט די חכמים, וועמען איר רופט פאַרשימלטע געצן, האָבן אַרויסגעהויבן דעם מענשן פון זיין חיה'שן מצב. זיי זיינען ניט געווען קיין קצבים פון דער נשמה און זיי האָבן זיך ניט איינגערעדט, אַז מען קען די נידעריקע תשוקות אַרויסרייסן, אָפּהאַקן. זיי האָבן גוט געקענט דעם פאַרבאָרגענעם וואָרצל פון דעם מין האנושי, האָבן זיי געוואָלט זיין פאַרוואָקסענעם מוח באַלויכטן מיט חכמה, וועט ממילא דער כלל און דער פרט ארויסוואַקסן פון זיינע זומפּיקע פאַרלאַגגן, אַרויסקריכן פון זיין וואַלדיקער מאַרך־פינסטערניש. שאַטנס קען מען ניט פאַרטרייבן מיט א בעזעם, נאָר מיט אן אָנגעצונדענעם לאָמפּ. אָט די גרויסע מענשן —

הערש האָט גענומען לאַכן אזוי הויך און שטאַרק, אַז איך האָב זיך אָפּגעשטעלט איגמיטן ריידן. ער האָט גלייך אָפּגעהאַקט דאָס לאַכן און אַ זיפץ געטאָן:

— איך בין זייער מיד, אַ גאַנצע נאַכט געפאָרן. קומט, לאָמיר זיך צוזעצן דאָרט אויף דער באַנק ביים גערטנדל. אַוועקגיין פון אייך ווילט זיך מיר עפּעס ניט. איר האָט פאָרט געלערנט אין נאָוואַרעדאָק, אפשר איז נאָך געבליבן אין אייך אַ ניצוץ.

ביז צו דער באַנק זיינען מיר געגאַנגען אין געשוויגן. לויט דער באַגעגעניש האָב איך לכתחילה געמיינט, אַז ער איז ווייכער געוואָרן. איצטער האָב איך מיט פאַרדראָס איינגעזען, אַז זיין טענה צו מיר און ביטול צו דער וועלט איז נאָך געוואָרן גרעסער. דאָך האָב איך געהאָפט, אַז דער איבעררייס ווערט ענדערן דעם אָנגעשפּאַנטן טאָן פון אונזער שמועס, און איך האָב זיך ניט געאיילט אָנצוהויבן ריידן דער ערשטער. אָבער הערש האָט געקנייטשט דעם שטערן, ווי ער וואָלט צונויפגעקליבן זיינע געדאַנקען, און ווען מיר האָבן זיך אַראָפּגעזעצט אויף דער באַנק, האָט ער זיך צוריקגעקערט צו מיינע לעצטע ווערטער.

## ה

...גרויסע מענטשן, זאָגט איר, זיינען זיי? די דייטשן טענה'ן אַז רק זיי האָבן ארויסגעבראַכט די גרעסטע. איך ווייס ניט צי די סאַמע גרעסטע, נאָר אַז זיי האָבן אַרויסגעגעבן מלומדים איז ביי אייך, די וועלטישע, דאַכט זיך, קיין מחלוקה ניט. נו, האָבן די פילאָזאָפן גע'פועל'ט ביי זייער אומה ולשון זיי זאָלן ווערן בעסער? און די קשיה איז: צי זיינען די חכמים אַליין געווען גוט? איר זאָלט ניט מיינען אַז איך בין מבטל זייערע קענטעניש. פאַר די יאָרן וואָס איך בין געווען אין די לאַגערן האָב איך זיך אַ סך אָנגעהערט. עס זיינען געווען ביי אונז אויסגעקלונגענע געלערנטע מענטשן, דער דייטש האָט אַלעמען אויסגעמישט אינאיינעם, און אין אַ פרייע מינוט פלעגט מען שמועסן. שפּעטער ווען איך בין, מיטן אייבערשטנס הילף, ניצול געוואָרן, האָב איך אַליין אויך אַריינגעקוקט אין אייערע ביכער, איך האָב מער ניט קיין מורא געהאַט אַז דאָס קען מיר פאַרשאַטן, און איך בין טאַקע נתפעל געוואָרן פון זייערע רעיונות. איך האָב צייטנווייז געפונען אין זייערע מאמרים אַזעלכע כשרונות און טיפקייטן ווי, להבדיל, אין אונזערע ספרים הקדושים. נאָר ביי די רייד זיינען זיי געבליבן! און זעט איר, איך גיי אַזוי ווייט, אַז איך גלייב זייערע פאָעטן און הוקרים, אַז זיי האָבן געוואָלט ווערן גוט, אלא וואָס דען? — זיי האָבן ניט געקענט. און אייב איר ווייסט פון אַזעלכע וואָס האָבן יאָ געהאַט גוטע מדות, זיינען עס יחידים. נאָר דער המון און אויך די חכמים זייערע זיינען געבליבן ביי די שיינע רייד. ריידן קענען זיי שענער פון אונז. און איר באַנוצט על פי רוב ווערטער וואָס איר האָט אויסגעבאָרגט ביי זיי, פון זייער עברי.

און ווייסט איר פאַרוואָס זיי האָבן ניט געקענט ווערן בעסער? ווייל אין זיי ברענט אַ פייער הנאה צו האָבן פון לעבן. און ווייל די הנאות פון לעבן קריכן ניט אַליין אין זאַק, איז אין זיי געבוירן געוואָרן די רציחה — די הנאה פון רציחה. און אונז האָבן זיי פיינט בתכלית השנאה זינט מיר זיינען געקומען אויף דער וועלט און געזאָגט אַז עס זיינען דאָ זאַכן וואָס מען טאָר ניט. ווייבאַלד מיר האָבן געזאָגט דעם ערשטן „לא", זאָלסט ניט הרג'ענען, זיינען זיי אונז געוואָרן שונאים. און זינט זיי אַליין האָבן איבערגענומען דעם „לא תרצח", האָט עס אויף יחידים פועל געווען, אָבער די איבעריקע זיינען אונז געוואָרן נאָך גרעסערע שונאים. און דעריבער ריידן זיי אַזעלכע שיינע רייד, ווייל זיי ווילן זיך דורכדעם

אַריינגאַרן צו שיינע מעשים, נאָר עס העלפט ניט, זיי קומען אָפּ בלויז מיט מליצות. און דערמיט באַרואיקן זיי זיך, מחמת ביי זיי איז דער עיקר צו האָבן אַ שיטה. פון די יוונים האָבן די אומות העולם גע׳ירשנט דעם חשק צו סדר און צו אויסגעצאַצקעטע שיטות.

פריער טוען זיי זייערע מעשים בפרהסיה. זיי האָבן ניט קיין הנאה פון זייערע תאוות, אויב זיי קענען עס ניט טאָן בראש גלוי, אָפּענער־הייט, די גאַנצע וועלט זאָל וויסן, ווי שיכורים וואָס קענען ניט טרינקען אַליין, נאָר בחבורותא. אין איין וועג נעמען זיי זיך דורכדעם אַ היתר פאַר זייערע חטאים. מיר זיינען, זאָגן זיי, ניט קיין צבועקעס, מיר טוען וואָס מיר ווילן — אָפּן. אָבער זיי האָבן אויך ליב מלחמה צו פירן ניט בלויז מיט יענעם, נאָר אויך מיט זיך, ראַנגלען זיך מיט זיך גופא (אמת, ניט צו שטאַרק...) אפילו ליידן און טאָן תשובה. און אַז עס קומט צו זייער תשובה, ווייס איך פון דעם די גאַנצע וועלט. דאָס איז אַ תשובה וואָס האָט אַ ווילדן פאַרגעניגן פון איבערעכענען די אייגענע חטאים, ווייל זייער ליבשאַפט צו זיך אַליין דערגייט ביז קראַנקשאַפט. זיי האָבן אפילו ליב זייערע קרבנות, וואָרים זייערע קרבנות פאַרשאַפן זיי די הנאה פון זינדיקן און די זיסע יסורים פון חרטה.

דער ראַסיינער האָט זיך אָפּגערוקט פון מיר ביז דעם צווייטן עק באַנק און מיך גענומען באַטראַכטן ווי אים וואָלט איינגעפאַלן, צי רעדט ער ניט על פי טעות צו אַ פרעמדן אומבאַקאַנטן מענטשן. דערנאָך האָט ער אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און ווי פאַר זיך געמורמלט:

— געדענקט איר, חיים, אַמאָל אין ביאַליסטאָק... ער איז אַ רגע אַנטשוויגן געוואָרן, געשלעפּט אַ האָר פון באָרד, ווי ער וואָלט מיט דער האָר אַרויסגעצויגן די זכרונות: געדענקט איר, חיים, ווי איר האָט מיך אין ביאַליסטאָק אויף דער גאַס אַ זאָג געטאָן, אַז מיר אַנטלויפן פון דער וועלט, ווייל מיר האָבן מורא טאָמער וועלן מיר ניט ביישטיין דעם נסיון? אַ בעל מוסר האָרעוועט אַ גאַנץ לעבן אויף זיינע מדות און איטלעך וואָרט בקורת וואָס מען זאָגט אים, בלייבט אין אים שטעקן ווי אַ מעסער. יאָ, ס׳איז אמת! איך בין געגאַנגען אַלע מיינע בחור׳שע יאָרן מיט די אויגן צו דער ערד, ניט צו זען די וועלט. איז געקומען דער דייטש און מיך אָנגענומען ביי מיין אידישער באָרד, אַ ריס געטאָן מיין קאָפּ אין דער הייך, און מיר געהייסן אים קוקן גלייך אין די אויגן. און איך האָב געמוזט קוקן אין זיינע רשעות׳דיקע אויגן און אין די אויגן פון דער גאַנצער וועלט. און איך האָב געזען, חיים, איך האָב געזען — איר ווייסט שוין וואָס: דאָס אַלץ וואָס מיר האָבן דורכגעלעבט. איצט קען איך קוקן אויף אַלע עבודה זרות, און לייענען אַלע טרייף־פּסולס, און באַטראַכטן אַלע הענגיגס פון לעבן, און דאָס וועט מער ניט זיין פאַר מיר קיין נסיון, ווייל איך האָב דערקענט דעם אמת׳ן פּרצוף פון דער וועלט. און איר זאָגט אויף מיר, אַז איך קען ניט די וועלט און אַז איך האָב אויסגעטראַכט אויף איר אַ בילבול. אוי ר׳ חיים, הזור בך! ס׳איז נאָך ניט שפּעט. דערמאָנט זיך וואָס דער נביא ירמיהו זאָגט: כי שתים רעות

עמי עמי, מחוץ שלעפטע זאכן האט געטאן מיין פאלק, אותי עזבו מקור מים חיים, מיך האבן זיי פארלאזט, א קוואל פון לעבעדיק וואסער, להצוב להם בורות, בורות נשברות אשר לא יכילו המים, כדי צו גראבן פאר זיך ברונעמער, צעבראכענע ברונעמער, וואס קענען ניט איינהאלטן דאס וואסער.

הערש האט גערעדט מיט גרויס געבראכנקייט. אויף זיין בארד האבן געקאפעט טראפנס. ער האט פארקוועטשט די אויגן צו פארהאלטן די טרערן, נאר זיי זיינען געלאפן איבער זיינע באקן. אויף זיינע אקסל וואס זיינען פלוצלינג איינגעפאלן, און אויף זיין פנים וואס איז פארשטארט געווארן, האב איך דערזען זיינע איבערגעלעבטע יסורים. איך האב אים אנגעגומען ביי דער האנט און געזאגט א געדירטער:

ר׳ הערש, איר זאגט אז איך האב פארלאזן א ריינעם קוואל און שעפ פון א צעבראכענעם ברונים. זאלט איר וויסן, אז איר מאכט א טעות. איך שעפ פון זעלבן ריינעם קוואל וואס איר, נאר מיט אן אנדער כלי. בארוואיקט אייך אבער, ר׳ הערש, אפשר וועט איר מיט מיר ארייגגיין דא אנטקעגן אין פרוכט־געשעפט נעמען א פרי, אדער א קאלטן טרונק? איר ווילט ניט? איז לאמיר זיצן דא אויף דער באנק, און איך וועל אייך מאקע בעטן, איר זאלט מיר מסביר זיין א רעיון, וואס איר האט ארויס־געבראכט. לפי דעתי איז דארט דא א סתירה, און אפשר האב איך עס ניט גוט צעהערט.

אלוין האט איר געזאגט, אז איר גלייבט אז ביי די אומות העולם זיינען געווען חכמים און אנשי מעשה וואס האבן געוואלט זיין גוט, נאר זיי האבן ניט געקענט, עד כאן אייערע ווערטער. איז עס מיר זייער קשה: ס׳איז א יסוד אין אידישקייט, אז דער מענש האט א פרייען רצון, און נאוואדעאק גיט אזוי ווייט און האלט, אז מען קען דערגרייכן די מדרגה פון טאן גוטע מעשים אן דער מינדסטער נגיעה. איז אויב א מענש קען זיך אויסשיילן פון זיך אליין, אט ווי מען שיילט אפ די שאר לעבצן פון א ציבעלע, פרעג איך אייך: פארוואס האבן די גוייִשע חכמים ניט געקענט זיין גוט, ווייבאלד זיי האבן עס געוואלט? איר גלייבט דאך אין בחירה חפשית.

די פראגע האט זיך ביי מיר ארויסגעריסן העפטיק, און קעגן מיין ווילן — מיט א שפאטישן נצחון־טאן. דאס האט אויסגעטשעבעט דעם ראסיינער פון זיין פארוויינטקייט. ער האט זיך פאמעלעך אויסגעגלייכט און מיר געענטפערט רואיק מיט מילדער געלאסנקייט:

איר האט פארגעסן, חיים, וואס איר האט געלערנט אין נאוואַרעדאק, וועל איך עס אייך דערמאנען.

דער איבערשטער האט באשאנקען דעם מענש מיט א גרויסן חסד, מיט פארשטאנד. מי לנו גדול פון דעם רמב״ם? זאגט אויף אים דער ווילנער גאון: די פארשאלטענע פילוסופיה האט אים פארפירט. נאר מיר ריידן איצט ניט וועגן מעטאפיזיקע וואס שייך די הימלען, וועגן דער ערד ריידן מיר, וועגן דעם בין אדם להברו. און אז די חז״ל זאגן, אז מ׳קען

לערנען מדות פון בעלי חיים קען מען עס אוודאי לערנען פון שכל. און מיר ווייסן, אַז די סבא דבי אתונא האָבן אויפגעשטעלט שיטות פון מאָראַל לויט דעם ריינעם שכל, און זיי האָבן געהאַט א סך תלמידים, איטלעכער זיין חדר.

אָבער די קשיה איז ווידער די אייגענע : האָבן זיי טאַקע געלעבט אַזוי ווי זיי האָבן געלערנט, אָדער פון דער שיטה איז געבליבן בלויז — א שיטה ? איר מוזט איינמאָל פאַר אַלעמאָל פאַרשטיין, אַז ווען די תאוות זיינען ניט אויפגעקאָכט און דער שכל איז רואיק און ריין, ווייס דער מענש ניט ווי ער וועט האַנדלען ווען עס וועט אויף אים אָנקומען זיין פינסטערער רצון. אַ מענש ווערט נתפעל פון זיין אייגענער חכמה און פאַלט אריין אין גאווה פון זיינע קענטענישן, נאָר אַז עס גיט זיך אים עפּעס וואָס אַ פאַרוועל, פאַרגעסט ער אַלע זיינע תורות. זיינע חושים זיינען שטאַרקער פון זיין פאַרשטאַנד. ווי אַ מושטירטער הונט וואָס גייט באַלעבאַטיש אויף אַ שפּאַציר אין די פוס־טריט פון זיין באַלעבאָס, און גיט זיך מיט איינמאָל אַ ריס אָפּ ווען ער דערזעט אַ צויג — אַזוי איז דער שכל. ביי אונז איז אַ יסוד און אַ עיקר, אַז די פאַלשע השקפות קומען פון שלעכטע מדות. ווי אַ מענשן ווילט זיך, אַזוי פּשטלט ער אויס. איי ער האָט דאָך פריער גערעדט אַנדערש ? זאָגט ער, אז ער האָט אַ טעות געהאַט. און אויב איר וועט אים צודריקן צו דער וואַנט, אַז דווקא פריער האָט זיין שכל קיין טעות ניט געהאַט, וועט ער אייך ענטפערן : מילא, ווען מיר ווילט זיך עפּעס, קען איך דעמאָלט ניט זיין — אריסטאָטעל. ווען זיין תאווה ווערט אָנגעזעטיקט, ווערט שטאַרקער זיין שכל און ער האָט חרטה. ווען עס גיט אים ווידער אַ שפּאַר אונטערן לעפּעלע דער רצון, פאַלט זיין אָפּגעשוואַכטער שכל אין חלשות ווי אַ הון. ער קריכט אַרויס מיט איין פוס און קריכט אריין מיט דער צווייטער פוס, ווי אין אַ זומפּ. ער האָט אַ זיידענעם כאַראַקטער און אַ געפיל פאַר יופי, ער רעדט בנחת הויכע געדאַנקען און איז כלו שבת, נאָר אַז ער דערזעט דאָס פיסל פון אַ נקבה דערפילט ער אַ מישעניש אין קאָפּ, צווישן זיינע איידעלע הרגשים ווערט אַ בהלה, ווי צווישן מוראַשקעס פאַר אַ רעגן, און זיין שכל ווערט — איינגעזונקען. נאָך מער : דער וואָס לעבט נאָר מיט שכל, קריכט אָפּטמאָל אליין אין נסיון, ער וויל ווערן קליגער ; ער קריכט אין פייער און ווערט פאַרברענט. און חוץ מזה וואָס דער שכל קען ניט העלפן, קומט מיר אויס אַז עס איז אַ ווילדקייט צו פאַרלאַנגען ביי א מענשן ער זאָל לעבן לויט זיין שכל. דער שכל קען אים זאָגן, אַז עס לוינט אים צו זיין גוט, עס ברענגט מנוחה און גליק און גוטע פריינט, און אַז אַלע מענשן זיינען ווי אברים פון איין גוף, איינער טאָר ניט מזיק׳ן דעם צווייטן. אַלץ זייער פיינע און שיינע רייד, ווי דאָס האָבן גערעדט די סבא דבי אתונא און די חכמים נאָך זיי. אויב אָבער ער דאַרף זיין גוט, ווייל אים לוינט, איז היינט לוינט אים און מאָרגן — ניט. און לוינט עס אים אפילו אויך פאַר מאָרגן, קענט איר אים פונדעסטוועגן ניט נויטן צו זיין באַרעכנט. איך וויל, קען ער זאָגן,

דער בחור איז אַ קאַצעטניק פון דעם ראסיינערס לאַגער־תלמידים, האָב איך זיך באַהערשט.

— דער עיקר, האָט דער ישיבה־בחור אַ זאָג געטאָן ווי ער וואָלט אונטערגעהערט אונזער פריערדיקן שמועס און געאיילט צוהילף זיין רבין, דער עיקר איז דאָך ניט וואָס מען שרייבט, נאָר וואָס מען טוט.

הערש וואָס האָט זיך לכתחילה געדרייט אומרואיק, ווי דער תלמיד וואָלט צעשטערט זיינע פּלענער מיך מחזיר למוטב צו זיין, האָט זיך איצט בהת׳דיק צעשטראַלט. קאָנטיק אַז אים האָט שטאַרק הנאה געטאָן וואָס זיין תלמיד שגצט מיך אויס.

— און וועלכע גרויסע זאַכן טוט איר? האָב איך זיך „געוויצלט, איר לערנט מוסר מיט התפּעלות?

דער תלמיד האָט באַשלאָסן מן הסתם צו באַווייזן זיין רבין אַז מען קען אים טרויען. ער קען זיך שוין אליין אַן עצה געבן מיט אַן אַפּיקורוס, האָט ער געענטפערט מיט אַ להכעיס׳דיקער פאַרשפּיצטקייט:

— איר וואָלט געקענט אַשטייגער פאַר אייער שרייבעריי זיך איינשטעלן ווי פאַר אַ ספר־תורה?

— וואָס הייסט זיך איינשטעלן פאַר מיין שרייבעריי ווי פאַר אַ ספר תורה? האָב איך זיך געווענדט צו הערשן, וואָס האָט געקנייטשט מיטן שטערן עפּעס אומצופרידן און דערביי עניוות׳דיק איינגעהויקערט די פּלייצע.

געענטפערט האָט דער תלמיד:

— ר׳ הערש, דער רבי, האָט ער זיך אַליין פאַרריכט, האָט אַריינגעגנב׳עט אַ ספר־תורה פון איין לאַגער אין אַ צווייטן לאַגער, וואו מען האָט אונז אַריבערגעפירט. קיינער האָט זיך ניט איינגעשטעלט אַריבערצוטראָגן אַ שפּילקע, ווייל מען האָט דערפאַר דערשאָסן, אָבער דער רבי האָט דורכגעטראָגן אַ ספר־תורה און ימים נוראים האָבן מיר געהאַט אַ מנין. וואָלט איר זיך איינגעשטעלט פאַר אייער שרייבעריי ווי פאַר אַ ספר־תורה?

הערש האָט זיך אַריינגעמישט:

— יהושע פרעגט אייך ניט צי איר וואָלט געהאַט גענוג מוט דערצו, איך בין עס, מישטיינס געזאָגט, דער גיבור? איך האָב איינגעשטעלט צוליב דער קדושה פון דער תורה און דער אייבערשטער האָט מיר געהאָלפן. פרעגט אייך יהושע אַ קשיה, צי האָלט איר אויך אייער שרייבן פאַר אַזאַ קדושה אַז איר וואָלט צוליב דעם געגאַנגען אין סכנה?

— פאַרשטייט איר ר׳ הערש, האָב איך זיך אויסגעדרייט צום רבין, וואָס שייך מיר, איז דאָך ניט שייך צו ריידן, איך בין אין לאַגער ניט געווען. און ווי זאָגט איר: ביז וואַנען דער מענש באַווייזט ניט למעשה אַז ער האָט אויסגעהאַלטן דעם נסיון, טרויט ניט די תורה אפילו אברהם אבינו׳ן.

נאָר מיינע חבריא פון דער זעלבער שרייבער־חברותא — זיי זיינען

ניט די תורה. אַ קינד איז בכוח אויסצואואַקסן, אָבער מיר ווייסן ניט ווי הויך ער וועט וואַקסן. כאָטש ער האָט טאַטע־מאַמע ווי די ביימער, קען זיך אין אים אָפּרופן אַ זיידע אַ קאַרליק. נאָר דורך גוטע מעשים שטופּט מען אַרויס שלעכטע מעשים. דעריבער האָבן אידן געשריען ביים באַרג סיני: נעשה, מיר וועלן טאָן, רק טאָן, כסדר טאָן. ונשמע, און איצט ווילן מיר ווייסן וואָס די תורה הייסט אונז טאָן. אָן מעשים זיינען אַלע חקירות — דברים בטלים.

דאָס איז די השקפה און דער דרך המוסר פון „אַלטן", ר' יוסף יוזל, זכותו יגן עלינו, און טויזנטער תלמידים פון נאָוואַרעדאָק האָבן זיך אין דעם געווייקט טאָג און נאַכט. אָבער איר האָט געלאַכט פון דעם וואָס מען אַרבעט אין נאָוואַרעדאָק אויף זיך אַליין, און מען שלייפט און מען פיילט די אייגענע נשמה, און מבקשים קלייבן ווי פּערל פּעולות אין הטבה. ביז עס איז געקומען דער דייטש, ימח שמו, און האָט אויס־גע'הרג'עט אונזערע הייליקע תלמידים. און מיר שטייען ביידע פאַר דעם חורב'ן כלל ישראל. און איר שטייט נאָך באַזונדער פאַר אַ חורבן — פאַר דעם חורבן פון אייער אמונה אין דער וועלט. און עס פייניקט אייך, עגבערט אייך, פרעגט איר מיר: פאַרוואָס האָבן די גוייִשע חכמים ניט געקענט זיין גוט, אויב זיי האָבן געוואָלט זיין גוט? און איר געפינט סתירות אין מיינע רייד. אָבער כאָטש איר זאָגט עס מיר ניט, פילט איר אין דער אמת'ן די סתירה ניט אין מיינע רייד, נאָר אין זיך אַליין. איר האָט געגלייבט אַז די וועלט גייט צום בעסערן און איר האָט דערזען אַז זי גייט... אין אונזער בלוט. אין מיין השקפה איז ניטאָ קיין שפּעלטעלע פון אַ סתירה. די גוייִשע חכמים, אפילו די וואָס האָבן געוואָלט, האָבן ניט געקענט ווערן גוט ביז צום גרונט פון זייער נשמה, ווייל זיי האָבן ניט קיין תורה, און זיי האָבן ניט געשליפן זייערע מדות אַ גאַנץ לעבן. זייער עטיק איז אויסגעבריִעט מיטן מח. זיי זיינען געגאַנגען אויף זייערע שכל'דיקע הנחות ווי מען גייט אויף אַ געפרוירענעם טייך. אָבער אַז היטלער מיט זיינע ווילדע חיילות און מיט זיינע טאַנקען איז אַרויפגע־פאָרן אויף דער חכמה פון די חכמי אומות העולם, האָט דער אייז פון זייער גליטשיקן שכל געפּלאַצט, און זייער גאַנצע גוטסקייט איז געוואָרן דערטרונקען.

און אינאיינעם מיט זייער גוטסקייט צו אַנדערע, איז דערטרונקען געוואָרן זייער דרך ארץ צו זיך אַליין, אַ קליינקייט! פאַר אַ קרוב וואָרט האָבן זיי געשלאָגן מיט שווערדן, געשאָסן און געביילט. די גאַס זאָל אויף זיי ניט קרימען מיט דער נאָז, אַן אייזל זאָל זיי ניט רופן פּחדן, זיינען זיי פאַרציטערטע פאַרן טויט — געגאַנגען אויפן טויט. דורות נאָך דורות איז אין זיי געוואַקסן זייער גאווה ווי אַ ראַק, ביז ער האָט אויפגעפרעסן זייער פלייש און אויסגעזויגן זייער מאַרך. תקופות גאַנצע האָבן זיי זיך געחקירהט, געריעדט און געשריבן: איז פריער דער הויב צום פאָלק און משפחה, אָדער די אייגענע פרייהייט איז פריער פאַר טאַטע־מאַמע, פאַר ווייב און קינד און אַפילו פאַר זיך אליין? גמנו וגמרו,

אַז עס זיינען ניטאָ קיין קייטן וואָס אַ פאָלק קען ניט צעררייסן. נמנו וגמרו אַז דער אמת און דער שכל איז ווי די זון וואָס מוז אויפגיין. פאַרשיט, אַשטייגער, די זון מיט לאַפּעטעס ערד. איז געקומען אין מערב אַ שליט אין שטיוול מיט קליינע וואָנצעלעך, און אין מזרח איז געקומען אַ שליט אין שטיוול מיט גרויסע וואָנצעס, און ביידע האָבן אַ קאַפּע געטאָן דעם חכם צו דער ערד, און ער איז געפאַלן אין בלאָטע אַזוי טיף ווי עס האָט געוואָלט אין מערב דער שליט אין די שטיוול מיט די קליינע וואָנצעלעך, און אין מזרח דער שליט אין די שטיוול מיט די גרויסע וואָנצעס. וועט איר זאָגן: די חכמים האָבן געוואָלט ראַטעווען זייער לעבן. פאַרשטיי איך. אָבער זיי האָבן דאָך געשריען אַז פרייהייט, אמת און שכל איז ביים פילאָזאָף טייערער ווי זיין לעבן? און אָט דער חכם וואָס שטייט אונז אַנטקעגן מיט די מכשירים צו מעסטן די שטערן און מזלות, בעת אַלע האָבן גע׳שטנה׳ט: די זון דרייט זיך! האָט ער געזאָגט: לא כי, די ערד דרייט זיך! און פערטלט מיך, האַקט מיך, בראָקט מיך! וואָס וואָלט ער געזאָגט צו זיינע היינטיקע אייניקלעך? אויב אין דעם אַמאָליקן חכם וואָלט איצטער אַריין אַ רוח חיים, וואָלט ער אַראָפּגעקראָכן פון פענסטער און געקלאַפּט מיט זיין שטיינערנעם קאָפּ אָן דעם שטיינערנעם ברוק און געזאָגט „איכה״.

ז

דער ראַסיינער האָט גערעדט פּאַמעלעך, ווי אַ ראָש־ישיבה וואָס גיט צו פאַרשטיין זיין תּלמיד אַ שווערע סוגיא הונדערט־און־איין מאָל. ער האָט געמאַכט עטלעכע קורצע פּויזעס מיט אַ כּוונה איך זאָל צייט האָבן בעסער צו באַנעמען זיינע ווערטער. ביסלעכווייז האָט ער זיך צעוויגט ווי ביי אַ נאַוואַרעדקער שבת ביינאַכטיקן שמועס אין אלול־צייט, וואָס ענדיקט זיך מיט אַ געשריי, מיט התעוררות און אַ הספד־ניגון. ער האָט גענומען ריידן האַסטיקער, זיין קול איז געוואָרן איבערגעריסענער און ער האָט פאַרענדיקט די זאַצן מיט האַרטער זיכערקייט, ווי ער וואָלט אריינגעהאַקט נעגל אין די ווענט. ער האָט אַריינגעשריען אין מיר ווי איך וואָלט געווען טויב, אָדער ווי איך וואָלט געווען אַ פינסטערער קעלער און ער רופט צו איינעם וואָס האָט זיך באַהאַלטן אין מיר.

דער געטומל איבערן דערבייאיקן פּלאַץ און אין די אַרומיקע געסלעך איז געוואָרן שטילער, דער מענטשן־שטראָם אויף די טראָטואַרן — שיי־טערער. אויף די בענק אַרום גערטנדל זיינען געזעסן דורכגייער, געשוויגן אויסגעמאַטערטע פון דער פייכטער בייטאָגיקער היץ און דערפרישט זיך מיטן ווינטל פון בלויער פאַריזער פאַרנאַכט. די פייגל זיינען מער ניט אַרומגעפליגן מהגותהייז פון ראָט־הייז צום פּלאַץ און צוריק. זיי האָבן באַדעקט די פיגורן, ווי זיי וואָלטן מיט זייערע באַפעדערטע קערפּערס און פליגל באַשיצט און דערוואַרעמט די שטיינערנע נאַקעטקייט פון די דענקמעלער, וואָס דער ראַסיינער וויל ארונטערשליידערן פון די געשטעלן ווי אברהם די אָפּגעטער פון זיין טאַטן תרח. הערש האָט זיך פּלוצלונג איפגעשטעלט, געמאַכט אַ טראָט פאָראויס און אָנגעשטרענגט געקוקט. אַ יונגערמאַן איז פאַרטראַכטערהייט פאַרבייגעגאַנגען. דעם ראַסיינערס פּנים האָט זיך פאַטערלעך צעשמייכלט:

— יהושע, האָט ער וואַרעם און שטיל אַ רוף געטאָן.

דער יונגערמאַן האָט אַ צאַפּל געטאָן:

רבי, האָט ער אויסגערופן מיט איגלשער פרייד און אויסגעשטרעקט אַ האַנט. זיי האָבן זיך צעקושט.

— איר האָט געשריבן אַז גלייך פון באַן וועט איר קומען אין בית מדרש, האָט געזאָגט דער בחור, זייט איר משמעות פריער אַוועק מיט די פעקלעך אויף דער קוואַרטיר. אָבער וואו האָט איר זיך אַ גאַנצן טאָג פאַרהאַלטן?

הערש האָט נאָך אַלץ פאָטערלעך געשמייכלט און ניט געענטפערט.

דער בחור האָט אַ קוק געטאָן אויף מיר, דערזען אַז איך בין אַ גלות אין גיי אָן אַ הוט, האָט ער זיך פאַר׳חידוש׳ט אויסגעדרייט צו זיין רבין ווי ער וואָלט געפרעגט: האָט אייך דער דאָזיקער געקענט פאַרהאַלטן? איך האָב אים דערווייל באַטראַכט. ער איז געווען אין די צוואַנציקער, אַ ברייטלעכער, אַ בלאָנדער, מיט דיקע ליפּן, אַ בלייכער און מיט אַנגע־גאָסענע באַקן ווי אַ לונגען־קראַנקער. זיין קאַפּעליוש אָן אַ קנייטש, ווי ערשט אַראָפּגענומען פון הילצערנעם מאָדעל, איז אים געווען הייך פאַררוקט אויפן קאָפּ און זיין שטערן האָט געשוויצט. דער נייער אַנצוג — צו לאַנג און צו ברייט, ווי באַרעכנט אַז דער וואָס טראָגט אים זאָל אין אים נאָך קענען וואַקסן און געדייען. איך האָב געמוזט אַ שמייכל טאָן. דער יונגערמאַן האָט אויסגעזען ווי אַן אמת׳ער נאָוואַרעדקער וואָס חהג׳ט זיך, אָדער פוצט זיך אויס לכבוד אַ שליחות אין אַ פרעמדער גרויסער שטאָט.

— ווער זייַנען „זיי", האָט דער בחור מיט גרויס איידלקייט פון אַ ליטווישן בן תורה געפרעגט ביי זיין רבין אויף מיר.

זיין רבי איז געווען אין פאַרלעגנהייט:

— זיי? האָט ער זיך גע׳מח׳ט, זיי האָבן געלערנט אַמאָל אין ביאַ־ליסטאָק ביי אונז.

דאָס האָט אין אויגנבליק געביטן די באַנעמונג פון יונגנמאַן, ער איז צוגעקומען נעענטער און פון זיינע מילדע שעפּסענע אויגן האָט אַ שפּריץ געטאָן מיט הוצפּה. איך בין, הייסט עס, „א שנה ופירש", אַ בוגד, איז עס שוין אַ קריג אין דער משפּחה:

— ער האָט אַמאָל געלערנט אין נאָוואַרעדאָק? האָט איבערגע־פרעגט כלומרשט פאַרוואונדערט דער תלמיד ביי זיין רבין, דעם „ער" אַנשטאָט „זיי" האָט דער בחור אויסגעצויגן ווי אונטערצושטרייכן זיין ביטול צו מיר, און דער יונגער מבקש האָט צוגעגעבן:

— ווען דער רבי וואָלט מיר ניט געזאָגט אַז ער איז אַמאָל געווען אַ בן תורה, וואָלט איך עס אויף אים ניט דערקענט. און קיינער וואָלט עס אויף זיין פּנים ניט דערקענט.

הייזט אויס אַז דעם תלמידס שאַרפקייט איז געווען צופיל אפילו פאַר זיין רבין:

— פאַרקערט, האָט הערש געענטפערט זייער ווייך, זיי זייַנען נאָך איצט שטאַרק אריינגעטאָן אין אידישקייט. זיי זייַנען אַ שרייבער.

— אַ שרייבער? האָט דער תלמיד מיט העזה און אָפענעם הוזק אַ לאַך געטאָן, וואָס שרייבט ער?

ס׳האָט מיך אַ ברי געטאָן, איך האָב געוואָלט אויפשפּרינגען, נאָר איך האָב זיך מיישב געווען. מיר האָט ניט געפּאַסט פאַר הערשן צו ווייזן אַז איך באַליידיק זיך פון עפּעס דאָרט אַ בחור׳ל. דערצו בין איך געווען לאַנגע יאָרן אָפּגעריסן פון אָט דעם עולם און איך האָב געוואָלט גוט אָנקוקן דעם נאָוואַרעדקער נאָוואָיקס. איך האָב אייך פאַרשטאַנען, אַז

בעסער לעבן איין יאָר אַ גוטן טאָג, איידער זיך מאַטערן און אָפּקומען לאַנגע יאָרן. אויב אַ מענטש האָט ניט קיין רבונו של עולם, טאָ צוליב וועמען און פאַרוואָס זאָל ער פאָלגן דעם פילאָזאָף וואָס הייסט אים גוט זיין? דעם פילאָזאָף אַליין איז קאַלט און אומעטיק און פוסט מיט זיין שכל וואָס פילט אויס די גאַנצע וועלט. ער איז געגליכן צו איינעם וואָס פראַוועט אַ חתונה מיט זיך אַליין. ער פוצט אויס די שטוב, צינדט אָן אַלע לאָמפּן, באַדעקט דעם טיש מיט אַ ווייסן טישטעך, שטעלט אויס שטולן, גייט אַרויס, קומט אַריין צוריק און פאַרנייגט זיך פאַר אַ בענקל — דאָ זיצט כלומרשט די כלה. פאַרנייגט זיך פאַר די אַנדערע ליידיקע שטולן — דאָרט דאַרפן זיצן די מחותנים, און ער טרינקט צו זיך אליין לחיים.

דער איינציקער אויסוועג איז: אַ מענטש זאָל אויסקלייבן צווישן טוב ורע נאָר אַזוי — ווי עס קלייבט פאַר אים אויס די תורה. די תורה מיינט זיין גליק און ווייס בעסער וואָס פאַר אים איז גוט. די תורה איז די איינציקע מציאות פון לעבן. אַלץ דאָס איבעריקע אויף דער וועלט איז אַ חלום. ווי דער רבונו של עולם האָט געוויזן משה'ן אין מדבר אַ פייערדיקן משכן און האָט אים אָנגעזאָגט: אָט אַזאַ משכן זאָלסטו פאַר מיר מאַכן, אַזוי איז דורך די אותיות פון דער תורה אויפגעשטעלט דער פייערדיקער אדם השלם. דער בשר ודם דאַרף אים נאָכטאָן אין אַלע פּרטים. אפילו ווען דער מענטש פאַרשטייט אויך מיט זיין שכל ווי ער באַדאַרף טאָן, טאָר ער אין דער רגע ניט פאַרגעסן, אַז דער עיקר טוט ער עס, ווייל די תורה הייסט עס אים. אויף אַזאַ אופן וועט ער זיך באַוואָרענען אויף דער צייט ווען דער שכל וועט ניט האָבן קיין כוח אים צו באַפוילן.

וואַרט, איר זייט נאָך ניט פאַרטיק. מיט אַ תורה קען מען אויך דורכפאַלן. אַ מענטש קען זיך איינשמועסן: איך לעב ניט לויטן שכל, איך לעב לויט דער תורה. און ער איז בטוח אַז ווען ס'וועט קומען דער נסיון, וועט ער אַ קוק טאָן אין אַ ספר'ל ווי ער דאַרף זיך נוהג זיין, און וועט עס מקיים זיין. ער שמועסט זיך איין, אַז ער איז פריי. אין דער אמת'ן גרייכט זיין בחירה נאָר אויף אַזוי ווייט, אויף וויפל עס גרייכט זיין רצון. למה הדבר דומה, ער איז גלייך צו אַ בער אין אַן ארומגעצאַמטן גאָרטן פאַר חיות. די וועכטער האָבן אים אַרומגערינגלט מיט פעלזן און אָנגעגאָסן אין אַ גרויסער גרוב וואַסער, מיינט דער וויסער בער אַז ער איז אויפן ים הקרח. זאָל ער אָבער פרואוון שטעלן אַ טראָט מחוץ דעם גדר! אַזוי איז דער יעניקער וואָס פאַרלאָזט זיך אויף זיין פרייען ווילן. אַ מענטש אפילו מיט אַ תורה וועט דורכפאַלן אין נסיון, אויב ער וועט אויף זיך ניט היטן טאָג און נאַכט. דער וואָס ווייס אַלע פאַרבאָרגעניש, האָט געוואוסט אַז אברהם אבינו וועט מקריב זיין יצחק'ן, פונדעסטוועגן האָט דער מלאך געזאָגט צו אברהמ'ען ערשט נאָך דער עקדה: איצט ווייס איך. דאָס איז אַ מוסר השכל לדורות, אַז ביז דער מענטש פירט ניט דורך וואָס ער דאַרף דורכפירן, טרויט אים

געווען אין געטאָ און ניצול געוואָרן — זיי האָבן יאָ איינגעשטעלט זייער לעבן פאַר זייער שרייבעריי, ווי איר רופט עס. און זיי זיינען אויך געגאַנגען אין סכנה צו ראַטעווען כתב־ידן פון אַמאָליקע גרויסע מחברים. און איך וועל אייך זאָגן נאָך מער: איר האָט זיך איינגעשטעלט פאַר אַ ספר־תורה, פאַר ביכער אָבער וואָלט איר אין געפאַר ניט געגאַנגען. אייך וואָלט אפשר ניט געווען ניחא דער דייטש זאָל זיי פאַרברענען, נאָר איר אַליין וואָלט זיי פאַרברענט ווען איר קענט. איך זע שוין! און מיינע חברים האָבן געראַטעוועט ספרים, יקר המציאותן, מיט דער זעלבער ליבשאַפט און טריישאַפט ווי דעם טאָג־בוך פון הערצלען און אַ בריוו פון מאַקסים גאָרקין. אגב אורחא וויל איך איר זאָלט וויסן, ר׳ הערש, אַז מיר געפינען זיך אין אַלט פאַריז. און דאָ ביים האָטעל דע וויל, ממש אויף דעם אָרט וואו מיר זיצן ביים „פלאַס דע גרעוו״, דאָס הייסט, דער פּלאַץ פון די גרויזאַמקייטן, וואו מען פלעגט פאַרפייניקן און אומברענגען די פאַר׳משפּט׳ע צום טויט — האָט מען נאָך מיט איבער זיבן הונדערט יאָר צוריק געברענט דעם „מורה נבוכים״ פון רמב״ם אויף אַ מסירה פון גרויסע רבנים קנאים. און געהאָלפן האָט צו דעם דער רבינו יונה גירונדי. ערשט שפּעטער ווען די גלחים האָבן גענומען ברענען אויך די גמרא, האָט דער רבינו יונה דערזען אין דעם אַ שטראָף פון הימל פאַר דער מלחמה קעגן רמב״ם, איז ער געוואָרן פול מיט חרטה און אָנגעשריבן דעם „שערי תשובה״. אין נאָוואַרעדאָק האָט מען דעם שערי תשובה געלערנט מיט אַזעלכע קולות, אַז מען האָט פון שרייען זיך אויסגעבויערט לעכער אין די לונגען, נאָר אָפּלערנען זיך אַ מוסר־השכל ניט צו זיין אַזעלכע קנאים — דאָס האָט איר זיך ניט אָפּגעלערנט.

דער בחור האָט וואוילינגעריש פאַרשטעקט אַ האַנט אין זיין הויזן־קעשענע, פאַררוקט דעם אָנגעבלאָזענעם קאַפּעליוש אויף דער פּאַטילניצע און מיט אַ קאַנט פון זיין שוך אומגעדולדיק געגראָבן אין דער ערד. ווען איך האָב געענדיקט, איז ער צו מיר צוגעקומען נאָך נעענטער, ווי ער וואָלט געוואָלט פאַרפירן אַ געשלעג און מיט אַ טריאומפירנדיקן געלעכטערל אויף די דיקע ליפּן געפרעגט:

— און צו ראַטעווען אייער גאָענטסטן חבר, אייער תלמיד, וואָלט איר זיך איינגעשטעלט? איך בין אַמאָל זייער אָפּגעשוואַכט געוואָרן, האָט מען מיך אַריבערגעפירט אין אַן אַנדער לאַגער, אין אַ בלאָק וואו מען האַלט הולאים זיי אָפּצושיקן אין גאַז־קאַמער. און ניט מיינע חברים און אפילו ניט מיין ברודער האָבן זיך איינגעשטעלט, נאָר ר׳ הערש איז ביינאַכט דורכגעקראָכן אַלע דראָט־פאַרצוימונגען און אויף די אַקסל מיך ארויסגעטראָגן פון טויטן־בלאָק. און איר זייט פון ווילנע אַנטלאָפן מיט אייער משפחה, אָדער איר זייט איינער אַליין אַנטלאָפן?

איך בין אויפגעשפּרונגען אַן אויפגעקאָכטער:

— און ר׳ הערש האָט געראַטעוועט זיין אייגענע משפחה? איר זייט אַ אינגל! האָב איך זיך אויף אים אַ רוק געטאָן אַז ער איז אָפּגעטראָטן

אַ דערשראָקענער. („אינגל" איז אין ישיבה אַ זידל־וואָרט. ס'איז ווי מען וואָלט אויסגעטאָן אַ בחור'ל דעם קאַפּעליוש און אים צוריק אָנגעטאָן אַ היטל...) אינגל, האָב איך געשריען, איר קענט נאָך עפּעס חוץ „צעשאַרן", מבטל זיין אַנדערע? און אייער ברודער וואָס איז אייך ניט געלאָפן ראַטעווען, האָט איר אים יאָ געראַטעוועט? און אַז איך וואָלט אייך אַרויסגעטראָגן אויף מיינע אַקסל, וואָלט איר געוואָרן וואָס איך בין? און ווען אַ קריסט וואָלט אייך געראַטעוועט, וואָלט איר זיך גע'שמדט?

דער יונגערמאַן איז געוואָרן צעטומלט, ער האָט געוואָרט אויף הילף פון זיין רבין, אָבער דעם ראַסיינערס שווייגן האָט אים נאָך מער צעמישט. זיין רבי האָט אויף מיר געקוקט מיט שרעק ווי ער וואָלט געציטערט איך זאָל ניט קאַליע מאַכן אַ יונגע נשמה. פאַרזאָרגט און האַסטיק האָט ער אָפּגעפירט זיין תלמיד אַן אַ זייט און עפּעס איינגע'טענה'עט מיט אים. יענער האָט זיך דערווייטערט צוזאָרפנדיק מיר אַ פיינטלעכן בליק.

— דאָס איז אייער חינוך! האָב איך זיך אַרויסגעוואָרפן אויף דעם ראַסיינער ווען מיר זיינען געבליבן אַליין, האָס און פאַראַכטונג צו דער גאַנצער וועלט. מיט דעם האָט איר אים געגומען מער ווי מיט דער ספר תורה. ממיתן זיך אַליין און מבטל מאַכן די וועלט — דאָס איז געווען אַלעמאָל אייער גייסט און מיט דעם, זע איך, האָדעוועט איר אייך איצטער אייער תלמיד'ל. איר שרייט צו מיר: חזור בך! און האַלט מיך פאַר אַ מצורע. איר האָט פריער געזאָגט אַז די מחלוקת צווישן מתנגדות, חסידות און מוסר האָט זיך שוין לאַנג איינגעשטילט. ס'איז איין תורה. עס ווענדט זיך נאָר פון וועלכער נקודה מען קוקט. אַמאָל הייסט די נקודה חסידות און אַמאָל — מוסר. ווער זשע האָט צווישן אייך שלום געמאַכט? אייער שנאה צו דער השכלה האָט צווישן אייך שלום געמאַכט. האָב איך געמיינט אַז־איצט איז געקומען דער טאָג ווען איר וועט שלום ווערן אויך מיט דער אידישער השכלה צוליב אונזער אַלעמענס אומגליק. לאָזט זיך אויס אַז איך האָב אַ טעות געהאַט: ביי אייך האָט זיך גאָרניט געביטן.

הערש איז געזעסן אַן אויסגעלאָשענער ווי אים וואָלט דערעסן דער וויכוח, אָבער ביי מיינע לעצטע ווערטער האָט ער זיך אויפגעכאַפּט און גענומען שליידערן מיט די הענט:

— שטעלט זיך אָפּ, חיים, שטעלט זיך אָפּ. ענטפערט מיר: ווען מיר וואָלטן זיך דערוואוסט, אַז אַ גרויסער שטערן דערנענטערט זיך צו דער ערד און אין געציילטע טעג אַרום וועט ער זיך צוזאַמענשטויסן מיטן כדור הארץ און די ערד וועט אונטערגיין לעולם ועד — וואָלטן מיר אין אָט דער לעצטער רגע באַדאַרפט שלום ווערן מיטן דייטש צוליב דעם שטערן, וואָס גייט אומברענגען דעם גאַנצן מין האנושי מיט אַלע נבראים? אָבער ענטפערט קורץ: יאָ שלום ווערן מיטן דייטש, אָדער ניט שלום ווערן?

— ניין, מיר וואָלטן ניט געדאַרפט שלום ווערן מיטן היינטיקן

דייטש אפילו אין אַזאַ מינוט.

— הוא הדין, חיים, איז מיט דער השכלה. ווי אַזוי קענען מיר שלום מאַכן מיט דער השכלה, אז דער דייטש דאָס איז דאָך — די השכלה. זאָל אייך אַזוי דער איבערשטער מוחל זיין ווי איך בין אייך מוחל. איר זייט אַ הויעד בבשרים. לא די וואָס איך האַלט אייך ניט פאַר אַ מצורע, ווי איר זאָגט, האַלט איך, אַז אין אייך איז דאָ אַ סך אידישע וואַרעמקייט, מער ניט אייערע דעות זיינען פאַרקרימטע, דעריבער שמועס איך מיט אייך. און אויך מיין תלמיד דאַרפט איר קיין פאַראיבל ניט האָבן, וואָרעם ער איז יונג, געווען אין לאַגער, דערצו איז ער נאָך אַ קראַנקער. און צוגעצויגן צו אידישקייט האָב איך אים ניט דורך ביטול צו דער וועלט, ער האָט אליין געזען, ווי יונג ער איז ניט געווען, דעם פרצוף פון דער וועלט; און אויך ניט צוליב דעם וואָס איך האָב אים פון טויט געראַטעוועט האָט ער זיך צו מיר צוגעבונדן, חס ושלום! דער כוח און דער אמת פון דער תורה האָט אים צוגעצויגן.

הערט זשע מיך אויס, חיים, וויבאַלד זיין זאָלט איר אַז מיר אליין איז קשה פון וואַנען נעמט זיך צו מיר אַזאַ כוח הדיבור. וועל איך אייך מגלה זיין אַ סוד: איך ניט ריידן צו אייך. איך האָב צו אייך גערעדט די אַלע יאָרן וואָס איך בין געווען אין געטאָ און אין די לאַגערן. און זאָל אייך ניט הידיש'ן, איר זייט געווען ביי מיר חביב נאָך פון דער צייט ווען איר האָט געלערנט אין ביאַליסטאָק. איך האָב שוין דעמאָלט געפילט אַז איר שטייט ניט אַ פוס אין דרויסן, האָב איך פאַר אייך מתפלל געווען איר זאָלט בלייבן ביי אידישקייט. אָבער מיין תפילה פאַר אייך האָט ניט געקענט העלפן, ווייל איר אליין האָט ניט געוואָלט זיין פרום און איר זייט אַוועק פון אונז. נאָר איך האָב אייך ניט פאַרגעסן. אין ישיבה האָט מען גערעדט פון אייך — איר האָט זיך געלאָזט הערן. און אונזער באַגעגעניש אין ביאַליסטאָק געדענקט איר דאָך... אין דער צייט ווען אונזער ישיבה איז געווען אין ווילנע ביי די באָלשעוויקעס האָב איך אייך ווידער געטראָפן זייער אַ דערשלאָגענעם. אין געטאָ האָט מען דערציילט אַז איר זייט אימגעקומען אינטערוועגס ביים אַנטלויפן. שפּעטער האָבן פּאַרטיזאַנער פון די וועלדער איבערגעגעבן אַ ידיעה אַז איר לעבט אין רוסלאַנד. פלעג איך טראַכטן אַז אויב מיר וועלן ביידע ניצול ווערן, וואָלט געווען אַ נס איך זאָל אייך טרעפן און קענען מיט אייך שמועסן. דאַרף עס אייך ניט וואונדערן וואָס איך רייד ווי פון סידור. כ'לעבן, איך האָב אַזוי פיל מאָל פאַר זיך אליין אויסגעלייגט מיינע תביעות צו אייך, אַז איך מעג זיי שיין קענען אויף אויסווייניק ווי „אשרי״.

— ר' הערש, האָב איך געזאָגט, עס ווערט שפּעט, איר וועט פאַרזאַמען מנחה.

— קלערט ניט, חיים, וועגן מיין מנחה, האָט ער אַ לאַך געטאָן, איך האָב געדאַווענט צייטלעך אַזייגער. ס'איז ביי מיר געבליבן אַ געוואוינטשאַפט פון לאַגער ניט אָפּצולייגן קיין מצוה. טאָמער איז עס מיין לעצטע שעה, זאָל איך ניט קומען אין הימל קיין — נאַקעטער. און וואָלט איך היינט קיין מנחה נאָך ניט געדאַווענט, וואָלט איך געזוכט אַן עצה, און פון אייך סיי

ווי סיי ניט אַוועקגעגאַנגען.

— איך פאַרשטיי, איר ווילט איך זאָל זיין אַ חוזר בתשובה, וועט איר האָבן אַ שותפות אין שכר פון מיינע מנהות.

— הלוואי חייב, טוט איר תשובה, ווי איך גיב אייך אַרויס אַ וועקסל אויף דער עולם הבא פון מיינע מנהות. איז האָט איר נאָך כוח און צייט מיך אויסצוהערן? איר האָט כוח, זאָגט איר? איז גוט. ביז איצט האָב איך גערעדט צו אייך וועגן די גוייִשע חכמים און זייערע השקפות. אָבער מיר דאַרפן דאָך בעיקר זיך קלאָר מאַכן וועגן אונזער יחס צו זיי און צו דער גאַנצער וועלט. און נאָך איין הקדמה וויל איך מאַכן: טאָמער וועט אייך אויסקומען אַ וואָרט צו שאַרף, טאָ האָט ניט קיין פאַראיבל. כאָטש איך רייד צו אייך, מיין איך לאו דווקא אייך, דעם גאַנצן כלל וועלטישע אידן מיין איך. ווערט זשע ניט ברוגז און זייט כאָטש אַ ווײַלע — אַ נאָוואַ־רעדקער.

אייערע משכּילים האָבן געזונגען צום גראַם: הוה יהודי באהליך ואיש בצאתך. זיי אַ איד אין דיין געצעלט און אַ מענטש אין דער וועלט. האָט איר אויסגעטאָן די קאַפּאָטע און אָפּגעהאַקט באָרד און פּיאות. נאָר ווען איר זייט אַרויס אין גאַס, איז אייך נאָכגעלאָפן דער איד אין לשון, אין די תנועות, אין לייב און לעבן. האָט איר געטריבן פון זיך די בייזע אַבשיקעניש. מילא, איז דער איד אַוועק פון אייך, ווי אַן אַלטער טאַטע מיט וועמען קינדער זייַען זיך ניט נוהג בכבוד גייט אַוועק אין בית־מדרש, און בלית ברירה — אין מושב זקנים. איצט, אַז איר האָט דערזען... אוי, מה היה לנו! שרייט איר פאַרקערט: זיי אַ מענטש אין דיין הויז און אַ איד אין גאַס. פרום ווערן אין שטוב קענט איר ניט, ווייל אייך פעלט אמונה, נאָר אויס כעס צו די גויים און בענקשאַפט נאָכן פאַרשניטענעם טאַטן, ווילט איר ווייזן אייער אידישקייט אין גאַס. לויפט אייך אָבער נאָך פון שטוב דער מענטש, מיטשיינס געזאָגט. אויף אייך איז צוגעפּאַסט דער משל פון „בן המלך והנזיר". אַ כלב האָט געהאַט צוויי תכונות, אַ נאָענטע און אַ ווייטערע. טראַכט ער: די נאָענטע וועל איך ניט פאַרשפּעטיקן, לויפט ער פריער צו דער פרעמדער תכונה — און פאַרזאַמט. לויפט ער צוריק אָן אָטעם צו דער היימישער שמחה, קומט ער נאָך דער סעודה. וויל ער זיך אַריינשפּאַרן אין טיר, קריגט ער מיטן שטעקן. איז ער אַרויס קרח מכאן וקרח מכאן. דער משל איז אַפילו אַ גראָבלעכער, אָבער איר האָט געלערנט אין נאָוואָרעדאָק, ווייסט איר אַז מען פלעגט עס זאָגן וועגן איינעם וואָס וויל אַריינכאַפּן אי די וועלט אי די תורה.

איר האָט געלערנט בראש כל חוצות: די אומות העולם האָבן אונז פיינט, ווייל מיר זייַנען אַנדערש. לאָמיר זיין ווי זיי! און איר זייט געוואָרן ווי זיי, נאָך מער: איר זייט געוואָרן די ערשטע אין זייער תרבות. וואו אַ איש מדע, וואו אַ חוקר, וואו אַ סופר — אַ איד. און גראָד צוליב דעם און בעיקר צוליב דעם איז זייער שנאה צו אונז געוואָרן נאָך גרעסער. זיי ווילן בשום אופן ניט מיר זאָלן זיין ווי זיי. בימי הביניים האָבן אונז די כומרים געוואָלט אָפּשמד'ן, כדי צו פאַרשטאַרקן זייער ממשלה. די מלכים און דער המון זייַנען געווען דערצאָרנט וואָס מיר, די סאַמע געהודפסטע האָבן די עקשנות ניט צו וועלן זיין ווי זיי. זיי האָבן אָנגעקוואָלן פון תענוג צו זען מיט וועלכע יסורים עס קומט אָן אַ אידן זיך אָפּצורייסן פון כלל ישראל, ווי זיין משפחה זיצט שבעה און ווי ביי גאַנץ קהל איז תשעה באב. אָבער אין אונזער צייט, אַז זיי האָבן דערזען ווי גרינג עס קומט אָן אַ אידן

אַריבערצושפּרינגען אין זייער מחנה, האָבן זיי זיך אויסגעשטעלט ביי די פּאַרקאַנעס מיט העק ווי קעגן חיות רעות. נאָר איר זייט געווען הונגעריק און בלינד און זייט געשפּרונגען — גלייך אויף די העק.

אפילו דער חורבן האָט ניט געעפנט אייערע אויגן. באזני שמעתי פון אַ פּוילישן איד, וואָס איז געווען דאָרט וואו איר, אין רוסלאַנד, אַז ער האָט גע׳חלומט: נאָך דער מלחמה וועט צווישן די אידן און די שונאי ישראל ווערן שלום ואחוה. און דער חשבון פון די מאמיני בצדקות הגויים איז געווען אַזאַ: די שונאי ישראל פון פּוילן און ליטע איז ניט געקומען אויפן זינען להשמיד להרג ולאבד את כל היהודים מנער ועד זקן טף ונשים. זיי האָבן אונז נאָר געוואָלט פאַרטרייבן: זשידזשי דאָ פּאַלעסטינא! זשידזשי דאָ מאַדאַגאַסקאַר! — האָבן זיי געשריען. אָבער איצט, האָט איר געטראַכט, אַז זיי האָבן איינגעזען צו וואָס זייער שנאה האָט דערפירט, מען זאָל אויסקוילען אַלע אידן, האָבן זיי אוודאי חרטה. בפרט אַז זיי אַליין האָבן שטאַרק געליטן פון דייטש. אָבער לא די וואָס זיי זיינען ניט געוואָרן בעסער, זיינען זיי געוואָרן נאָך ערגער. איר האָט געזען אין פּוילן ווי די אייערנעכטיקע פּריצים, די נעכטיקע גזלנים און היינטיקע סוחרים האַנדלען אויף אידישע מערק אין אידישע קראָמען מיט אידיש־האָב און גוטס? און אויב עס באַווייזט זיך אַן אַמאָליקער אידישער שכן, ווילן זיי אים דורסן, טאָמער וועט ער פאַרלאַנגען זיינע נכסים און דעם טאַטנס שטוב. דערמאָנט זיך מעשה קעלץ און די רציחות אויף די באַנען. און דעם דייטש זיינען זיי מוחל דעם חורבן פון זייערע שטעט, און אפילו די שהיטות אויף זיי גופא; ניט מוחל זיינען זיי אים, וואָס ער האָט פאָרט ניט באַוויזן צו פאַרברענען אַלע אידן. און זיך זיינען זיי ניט מוחל: נאַכסאָל האָבן זיי פריער ניט געוואוסט, אַז לית דין ולית דיין, אַז אידן מעג מען טרעטן כטיט חוצות. און איר, חיים, האָט געמאַכט דעם חשבון אָן דעם באַלעבאָס. געמיינט האָט איר, אַז ווי איר קומט אַהיים, וועט אייך עשו פאַלן אויפן האַלז, און עס וועט ווערן אַ קושעניש, א וישקהו אָן פּינטעלעך... און ער וועט אייך זאָגן: יש לי רב אחי, יהי לך אשר לך. אָבער דער היינטיקער עשו איז ניט דער עשו פון חומש, און איר זייט אויך ניט יעקב. געקומען צוריק זייט איר אָן צוויי מחנות, און על אחת כמה וכמה קענט איר ניט זאָגן ווי יעקב: עם לבן גרתי והריג מצוות שמרתי.

ווען איר זייט אַנטלאָפן פון אידישקייט, האָט איר אייער פּליטה פאַרשטעלט מיט הויכע נעמען. דער אויפגעקלערטער האָט גערעדט מיט גוואַלטיקער מליצה וועגן דער בת השמים, וועגן דער השכלה, און געמיינט האָט ער צו ווערן — אַן אַפּטייקערל. געגלוסט האָט איר צום סיר הבשר פון מצרים. איינגראָבן זיך אין פלייש־טאָפּ און קיינער זאָל אייך ניט קוקן אין די אויגן, ווי דער קמצן וואָס האָט פיינט אַז מ׳זיצט דערביי ווען ער עסט. ביי די אומות העולם איז דער עיקר דער יהיד, זיין ממשלה, זיין הנאה און זיין מנוחה. זיי פאַרשטייען אָבער, אַז אויב זיי זאָלן גיין מיטן גאַנג פון „כל דאלים גבר”, וועט איינער אויפפרעסן דעם אנדערן,

האָבן זיי געמאַכט אַ מלוכה פון יחידים: שטער מיר ניט, וועל איך דיר ניט שטערן. ביי אידן איז דער יחיד כמאן דלית דמי, דער עיקר איז דער ציבור. וואָס עס איז גוט פאַרן כלל ישראל, מוז זיין גוט אויך פאַר ר׳ ישראל. און ביז צו אייער מרידה האָבן אידן געלעבט אינאיינעם ביים דאַווגען, ביים לערנען, אויף שמחות און אויף לוויות. האָט איר אָבער געהעצט די שבטים: איש לאהליך ישראל, קינדערלעך, מאַכט איטלעכער שבת פאַר זיך, ווי די אומות העולם. און ניט בלויז ביים לעבן, שטאַרבן האָט איר אויך געוואָלט איטלעכער באַזונדער. מען זאָל אייך, גאָך הונדערט מיט צוואַנציק יאָר, ניט אויסמישן מיט די אַנדערע מתים, האָט איר אַ גאַנץ לעבן זיך געשטעלט מציבות. איינער דורך זיינע גרויסע מעשים; דער צווייטער דורך איינפונדעווען זיין ממשלה; דער דריטער דורך אַ פאַגאַנדערגעוואָקסענע פירמע אויף זיין נאָמען; און איר און אייער גלייכן — דורך שרייבן ביכער. אויפן פאַרזאָג: „איר זאָלט ניט האָבן קיין אָפּגעטער", האָט איר ניט עובר געווען. ניין! חלילה! איר האָט זיך אַליין געמאַכט פאַר אַ גאָט. איר האָט פאָראויסגעזאָגט אַ נבואה: דער מענטש וועט ווערן אַ גאָט. איז ער טאַקע געוואָרן אַ טייוול. און אייך ערגערט זייער שטאַרק, הלמאי מיר האָבן ניט קיין בנינים ווי אָט אָ־דער מיט די פאַרגרינטע פאַרשימלטע שטיינערנע מענטשן, וואָס שטייען אין אַלע ווינקלען, אויף אַלע גאָרנס. גריילעך וואָלט איר זיך געשטעלט אַ דענקמאָל. און איר קוקט מיר עפּעס אויפן בנין ווי איר וואָלט געזוכט אַ לייזיקן פענסטער, וואו איר זאָלט זיך קענען אַרויפשטעלן, ווי אָט יענער גולם... וואָס־זשע וואַרפט איר זיך, ר׳ חיים? מיר האָבן דאָך אָפּגעשמועסט, אַז איר וועט ניט ווערן בייז? ניט אייך מיין איך. איך זאָג עס על פי משל. נאָר אויב איר פילט זיך, מיין איך טאַקע אייך אויך! רשעים כים נגרש, די רשעים זיינען ווי אין ים די כוואַליעס. יעדע פון זיי מיינט, אַז זי וועט אריבערשפּרינגען דעם ברעג, כאָטש מיליאָנען כוואַליעס ווערן פאַר אירע אויגן צעפּיצלט. יעדער עולם־הזה׳ניק קלערט, אַז אים וועט זיך איינגעבן וואָס קיין אַנדערן האָט זיך ניט איינגעגעבן. ווייסט איר דאָך שוין ווי אייך האָט זיך איינגעגעבן! נאָר אנשטאָט צו זוכן אַ טרייסט אין רבונו של עולם און אין כלל ישראל, זוכט איר די גלעזערנע שערבלעך פון אייערע געפּלאַצטע חלומות. און ווי ווייניק איר וועט ניט האָבן עולם הבא, האָט איר עולם הזה — נאָך אַ סך ווייניקער.

פונדעסטוועגן זיינען ניט אַלע וועלטישע געווען פורקי עול לחלוטין. אַ טייל האָט נאָר געקרעכצט: אידישקייט האַלט אין איין וואַקסן. די גמרא אויף דער משנה. דער אלפס אויף דער גמרא. דער בית יוסף אויפן טור. און דער ב״ח, דער ט״ז, און דער ש״ך אויפן בית יוסף. מען דאַרף אַראָפּנעמען אַביסל, כדי דאָס איבעריקע זאָל זיין לייכטער צו דערטראָגן. אָבער וואָס מער זיי האָבן זיך לייכטער געמאַכט, איז זיי דאָס געבליבענע געוואָרן אַלץ שווערער. און מיר איז גרינג צו פאַסטן צוויי מאָל אַ וואָך, און זיי האַלטן קוים אויס אַ תענית איינמאָל אַ יאָר. און אַז דער טאַטע האָט

אַראָפּגענומען אַביסל, האָט דער זון עס אַוועקגעוואָרפן בכלל. און ער איז געגעבן, דער זון! אויב אַזוי ווייניק, דאַרף ער עס לגמרי ניט. אַ האַלבער אמת איז קיין אמת ניט. אַ מענטש, בפרט אַ יונגערמאַן, באַדאַרף אַזאַ אמונה וואָס זאָל פאַרנעמען אינגאַנצן זיין שכל און זיין התלהבות. ביי חרדים טוט מען אָן אַ יאַרמלקע אַ קינד פון אַ יאָר, ער זאָל זיך געוואוינען אין מצוות. נאָר אַז אַ וועלטישער טאַטע הייסט זיין אויסגעוואַקסענעם קדיש אינמיטן דרינען פּריטיק אויפדערנאַכט אָנטאָן אַ פּאַפּירענע יאַרמלקע און מאַכן קידוש, איז מעג עס טאַקע האָבן ביים בחור אַ פּנים פון חוזק. אַז אין בריאת העולם גלייבט ער ניט, און אַז יציאת מצרים איז ביי אים אַ קנאַפּער נס, און אַז שיר השירים איז פאַר אים אַ ליד פון אַ פּאַסטעך מיט אַ פּאַסטעשקע, רחמנא ליצלן, און ניט קיין שיר פון אהבה צווישן כנסת ישראל און הקדוש ברוך הוא, אָדער צווישן דער נשמה יתירה און כביכול, — הײַנט צו וואָס זאָל ער, דער אויסגעוואַקסענער בייבאַק מאַכן קידוש אין היטן שבת? און דער וואָס האָט געמיינט, אַז מען קען בלייבן ביי די יסודות און זיך אָפּזאָגן פון די ענפים, איז גלייך צו איינעם וואָס האַקט אונטער דעם בוים און וויל, אַז די וואָרצלען זאָלן ניט פוילן. הארון נושא את נושאיו, די תורה טראָגט אונז ווי אַן אָדלער זיינע קינדער. כנשר יעיר קנו על גוזליו ירחף. ווי אַזוי קען דער אָדלער טראָגן, אַז מען האָט אים אָפּגעשאָרן די פליגל?

איך האָב אייך שוין פריער געזאָגט, חיים, אַז אַ בעל מוסר געדענקט זייער שאַרף די בקורת וואָס מען זאָגט אים. געדענקט איר ווי איר האָט אין ביאַליסטאָק אויף דער גאַס מיר אַריינגעזאָגט, אַז מיר אַנטלויפן אין פּרישות און בדידות, ווייל מיר ווילן בעסער גאָרניט קיין עולם הזה — איידער ווייניק עולם הזה... דאָס איז אמת. מיר ווילן אַ גרויסן, שווערן שלחן ערוך, נאָך מער מצוות, נאָך מער דינים, נאָך מער סיגים. מיר ווייסן, אַז אַלע הנאות פון לעבן זיינען ווי געזאַלצן וואַסער: וואָס מער דו טרינקסט, ווערסטו דאָרשטיקער. ווילן מיר אַ תורה וואָס זאָל אונז אויספילן אינגאַנצן.

און ווען דער רבונו של עולם וואָלט געקומען צו מיר און געזאָגט: הערש, ביסט אַ בשר ודם, ס׳איז צו שווער תרי״ג איך וועל אַראָפּנעמען אַביסל, ביסט ניט מחויב, שרעק זיך ניט, עולם הבא וועסטו קריגן ע״י עולמות, און ביי תחית המתים וועסטו אויך זיין... איר פאַרשטייט, חיים, וואָס דאָס מיינט צו זיין ביי תחית המתים און זען אויפשטיין די אַלע אידן וואָס זיינען געפאַלן ביי מיינע פיס אין די לאַגערן? איי, רבונו דעלמא כולא!... איז וועט דער אב הרחמים זאָל פון מיר פאַרלאַנגען ווייניקער מסירת נפש, וואָלט מיר דעמאָלט געווען זייער ביטער. און איך וואָלט מתפלל געווען: אב הרחמים, איך וויל ניט מיר זאָל ווערן גרינגער, איך וויל מיר זאָל ווערן שווערער. מחמת לעת עתה איז מיר נאָך צו גרינג. וואָס פאַר אַ האַפט קען האָבן דאָס לעבן פון אַ פּליט, פון אַ אידן וואָס איז ניצול געוואָרן פון קרעמאַטאָריע, אויב ער זאָל זיין שטיקל געראַטעוועטע לעבן ניט האַלטן שטענדיק גרייט עס מקריב צו

זיין פאַר דער תורה? אָבער איר, האָט איר כאָטש אַזאַ העזה צו דער וועלט ווי איך צום רבונו של עולם? ווען איר האָט געלערנט, זייט איר דאָך געווען אַזוי שטרענג, אַזוי גאווה׳דיק און שטאָלץ, איר האָט זיך געוואָלט דערגראָבן נאָר ביזקל גרינט פון אמת. איר האָט ניט געוואָלט מסכים זיין צום „תכלית הידיעה שלא נדע". „אַ תורה פון חוקים, וואָס איך קען ניט באַנעמען מיטן שכל, וויל איך ניט!" — האָט איר מיט פאַרריסנקייט געזאָגט. און איצט איז ביי אייך רעכט צו קריכן אונטערן טיש פון לעבן, טאָמער וועט אייך צופאַלן אַ ביינדל פון די טרייפע תענוגים, אַ פאַרדאַרט כזית׳ל עולם הזה? אָט דאָס איז געבליבן פון אייער פאַרמעסט און שטאָלץ אין מלחמת החיים? איך קוק אויף אייך און טראַכט: איך בין נאָך זייער ווייט פון דעם וואָס איך דאַרף זיין. וואָלט איך געשטאַנען אויף אַ העכערע מדרגה, וואָלט מיין האַרץ באַדאַרפט צעריסן ווערן פון רחמנות צו אייך.

נאָר סיי דער מסית ומדיח וואָס האָט אַלץ אָפגעלייקנט און סיי דער פוסח על שתי הסעפים, וואָס האָט עפּעס איבערגעלאָזט, איז, אַז זיי האָבן געוואָלט באַווייזן זייער אַמיצות און שכל הישר — האָבן זיי קודם כל געזידלט דעם כלל ישראל, אַז ער איז פאַרוועבט אין שפינוועבס פון פילפול; אַז ער לעבט אויף אַ בית־עולם פון שדים־מעשיות; אַז ער האַנדלט אויף פוסטע מערק מיט שה״י פה״י, מיט מעקענע אין ווינט, און מיינט, אַז הינטער דער איינגעפאַלענער מיל אויפן שטעטלשן באַרג ענדיקט זיך די וועלט. דער סופר דער פיקח האָט עס באַשריבן מיט גרויס אמנות און דער איש גם האָט געלאַכט. דערביי האָבן נאָך די וועלטישע בעלי מוסר מיט די משכילישע בערדלעך געזאָגט אַ פסוק: את אשר יאהב יוכיח, זיי האָבן, הייסט עס, ליב אידן, דערפאַר שטראָפן זיי אונז. אָבער פאַר אַלץ וואָס זיי האָבן געזען אַנדערשוואו זיינען זיי געפאַלן כורעים. אונז האָבן זיי אָנגערופן „מה יפית׳ניקעס" — און מיט זייער נשמה ווי מיט אַ שמאַטע אויסגעווישט די שטיוול ביי יעדן פריץ. מער ווי פון אַלץ האָט סיי דער אָפענער פורץ גדר און סיי דער וואָס האָט אונטערגעדאַוונט און אונטערגעזינדיקט, ביידע זאָכן בשתיקה, כדי זיך ניט צו צעקריגן מיט קיין צד... מער ווי פון אַלץ האָבן זיי אָפגע׳חוזק׳ט פון דעם „אתה בחרתנו". יחסנים, האָבן זיי געלאַכט, זיינען מיר? אַז אָך און וויי צו אונזער יחוס! און דער אמת איז טאַקע, אַז איר זייט מיט גאָרניט קיין יחסנים. די בני נח זיינען פאַרזאָגט אויף שבע מצוות. און איינע פון זיי איז שפיכת דמים. (זיי האָבן זיך שוין איינמאָל אויסגעהיט פון שפיכת דמים!) און אונזער גאַנצע אויסדערווייטקייט באַשטייט נאָר אין דעם, וואָס מיר האָבן אָפצוהיטן אַ שווערע תורה, וואָס די אומות העולם זיינען ניט מחוייב, פונקט ווי די כהנים זיינען אויסגעטיילט צווישן אונז, ווייל זיי האָבן מער הזהרות און מצוות. אָבער די וואָס האָבן אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די אידישע קדושה זיינען בפירוש ניט מער יחסנים ווי אַנדערע. קיין יחסנים זייט איר ניט — נאָר איר מוזט עס זיין! ווייל אַזוי

וויל דער אייבערשטער — ניט איר! מיט טויזנטער יאָרן צוריק האָט עס דער אלוקי ישראל אָנגעזאָגט דורך יחזקאל הנביא: והעולה על רוחכם היה לא תהיה, און וואָס איך קומט אייפן זינען, זיין וועט ניט זיין, אשר אתם אומרים נהיה כגוים כמשפחות הארצות, וואָס איר זאָגט, מיר וועלן זיין ווי די פעלקער, ווי משפחות פון לענדער, חי אני, דער אייבערשטער שווערט ביי זיין לעבן — איר הערט: ביי זיין לעבן! — אם לא ביד חזקה ובזרוע נטויה ובחמה שפוכה אמלוך עליהם, אייב ניט מיט אַ שטאַרקער האַנט, מיט אַן אויסגעשטרעקטן אָרעם, און מיט אויסגעגאָסענעם גרימצאָרן וועל איך קעניגן אויף זיי. איך פאַרטייטש עס איך אויף אידיש, ווייל איר זייט דאָך אַ אידישער שרייבער, איז שרייבט זיך עס אָן אויף אייער שטערן. איר קרימט זיך. אַ פסוק איז פאַר איך קיין ראיה ניט. אָבער דער דייטש איז שוין יאָ אַ ראיה, האַ? היינט ווילט איר ניט געדענקען אייער אַמאָליקן חוזק צוליב די פאַר־שניטענע אידן. אָבער מאָרגן, אַז איר וועט פאַרגעסן דעם חורבן, וועט איר זיך ווייטער אויסלאַכן פון דעם „אתה בחרתנו״, וויל איך איך עפעס דערציילן.

בעת איך בין געלעגן אין לאַגער אויף דער ערד, און דער דייטש האָט מיך געהאַקט מיט זיינע געפּאַדקעוועטע שטיוול, איז ווען אַ מלאך אלוקים בייגט זיך דעמאָלט אָן צו מיר, און זאָגט מיר אייפן אויער: הערש, אָט מאַך איך אין איין כהרף עין דו זאָלסט זיין דער דייטש, איך טו דיר אָן זיין בגד, איך גיב דיר זיין רוצחישן פרצוף, און ער וועט ווערן — דו. זאָג נאָר איין וואָרט, און עס וועט געשען דער נס. ער וועט ליגן אין בלאָטע, און דו וועסט אים האַקן מיט די שטיוול אין דיין... אין זיין פאַרבלוטיקט פנים. איז ווען דער מלאך כרעגט עס מיר, — הערט איר, חיים? — וואָלט איך בשום אופן ניט מסכים געווען. אַפילו אויף איין רגע וואָל איך ניט מסכים געווען צו זיין ער, דער דייטש, מיין פייניקער. צדק הדין וויל איך! נקמה נעמען אָן גזלן וויל איך! אָבער ווי אַ איד וויל איך עס. זיינע שטיוול אויף מיין גאָרגל האָב איך נאָך געקענט מיטן אייבערשטנס חסד אַריי־בערטראָגן, נאָר ווען איך מוז אַרויפשלעפן אויף מיין פנים זיין מאַסקע, זיין רוצחישן פרצוף, וואָלט איך גלייך דערשטיקט געוואָרן ווי פון גאַז. און ווען דייטש האָט געשריען צו מיר: דו ביסט אַן עבד עבדים! האָב איך מיט אָפּגעשטאָרבענע ליפּן צו זיך געזאָגט: בחרת בי...

און פרעגן וויל איך איך פרעגן נאָר איין קשיה, ניט מער. וואָס עס איז געשען, ווייסן אַלע אידן. וכל בית ישראל יבכו את השרפה אשר שרף השם: אַלע אידן באַוויינען אַ דריטל פון אונזער פאָלק וואָס איז אומגעקומען על קידוש השם. מער ניט אַ בעל רגש ווייס, אַז ניט אַ דריטל פון בית ישראל איז פאַרשניטן געוואָרן, נאָר אַ דריטל פון אים אַליין, פון זיין גוף, פון זיינע אברים, פון זיין נשמה. און ער איז איצט אַ בעל מום בפועל ממש. און אַ חשבון מוזן מיר מאַכן. איר — אַזוי גוט ווי איך. און דער וואָס מאַכט ניט דעם חשבון איז אַ רשע

מרושע, טעמפ און פאַרוואַקסן ווי די חיה אין וואַלד. איז לאָמיר ביידע מאַכן דעם חשבון: מעגן מיר על פי מידת הדין און מידת הרחמים מוחל זיין די רוצחים? ניין מיר טאָרן ניט! עד סוף כל הדורות טאָרן מיר זיי ניט מוחל זיין. און אויב אַ רוצח וואָלט און הונדערט יאָר אַרום אויפגעוועקט אַ דער׳הרג׳עטן פון קבר און געזאָגט אַזוי צום קדוש: מיך שטיקט דיין דם נקי, און איך קען ניט שטאַרבן, זיי מיר מוחל, ס׳איז אַריבער הונדערט יאָר זינט איך האָב דיך אומגעבראַכט, און די וואָלסט אימעטער־סיי ווי סיי געווען טויט... וואָלט דער קדוש ניט געטאָרט מוחל זיין דעם מערדער, ניט פאַר זיך און ניט פאַר זיינע קינדער, וואָס זיינען ניט געבוירן געוואָרן צוליב דער הריגה פון זייער פאָטער. און אויב ער וואָלט יאָ מוחל געווען דעם רוצח, וואָלטן אים, דעם קדוש, די אַנדערע קדושים ניט אַריינגעלאָזט צוריק אין גן־עדן און אַפילו ניט אין גיהנום. וואָרים מוחל זיין די רוצחים איז אַ פרישע רציחה, און דאָס מאָל — פון אַ ברודער קעגן אַ ברודער. נאָר ווי אַלע ווייסן, האַלטן גאָרניט די פייניקער ביי בעטן מחילה. און צווישן די שופטים, די מנצחים אין דער מלחמה, זיינען דאָ לרוב אַזעלכע, וואָס האָבן הרמה למאי זיי האָבן אויפגעהאַנגען אַ הייפל תלינים. און די וועלט פון די ווייכהאַרציקע פעלקער האָט אַ נייע סיבה אונז פיינט צו האָבן. צוליב אונז, זאָגן זיי, האָבן זיי אומגעבראַכט דייטשן, צוליב אונז, די אכזרים. און זיי אַליין, די געסטאַפּאָווצעס מיט זייערע באַהעלפער מכל אומה ולשון, גייען אַרום פראַנק און פריי און לאַכן אין די הייפנס. זיי זיינען בטוח, אַז קיין משפט אויף זיי וועט מער ניט קומען.

אָבער מיר ביידע טאָרן ניט צוטאָן מיט קיין אויג ביינאַכט. מיר טאָרן ניט אַנטלויפן פון די יללות, פון די אויגן און די אויסגעשטרעקטע הענט פון די אומגעקומענע; אויב מיר זאָלן אַפילו מוזן איינגעבראָכן ווערן פון אַנגסט און יסורים, טאָרן מיר ניט אַנטלויפן פון זייער געשריי. נאָר וואָס דען? איך ווייס, אַז דער חשבון איז נאָך וויינט ניט פאַרענדיקט. און מעולם לא עלתה על דעתי, אַז מחוץ דעם אל קנא ונוקם וועט עמעצער אין דער וועלט נקמה נעמען פאַר די עופעלעך, וואָס געסטאַפּאָווצעס האָבן אָנגעשטאָפּט אין די באַנען קיין טרעבלינקע, און זיי האָבן געטראָטן מיט די שטיוול די צאַרטע גופים׳לעך, כדי אין די וואַגאָנעס זאָלן קענען אַריינגיין וואָס מער קינדער... דערפאַר איז ביי מיר ניטאָ קיין ספק־ספקה, אַז דער יום הגדול והנורא — הנה בא! און ווען איך הער ווי מענטשן פילפּלען זיך און פּאָליטיקע, און חשבונען אויס דעם מצב פון די כוחות, און דעם יחס צווישן די מדינות — ווייס איך, אַז ס׳איז נאָך דאָ אַן אַנדער בוכהאַלטעריע געשריבן מיט בלוט און פייער. און ס׳איז ניט שייך ביי מיר צו פרעגן, צי איך וויל עס יאָ, צי איך וויל עס ניט? — אַזוי מוז עס זיין! און דאָס האַלט מיך, איך זאָל קענען רואיק גיין מיין וועג און עבודת הבורא.

אָבער איר, הירש, ווי אַזוי עסט איר און שלאָפט און לאַכט און גייט פאַרפּוצט, איר דאַרפט זיך דאָך פריער אויסחשבונען? ווי קענט

איר זיך שטיפן אין דער וועלט בעת איר ווייסט, אַז זי הבר'ט זיך מיט די רוצחים פון אייערע בני בית? איר האָט דאָך געגלייבט אַז די וועלט גייט צו בעסער! אייער וועלט איז דאָך אונטערגעגאַנגען! איר האָט עפּעס געלערנט פון דעם, אָדער ניט? איך דאַרפט מיך אייך פרעגן די זעלבע קשיה: וואָס האָט איר געלערנט? ענטפער איך אייך: איך בין געוואָרן נאָך מער מאמין. וואָלט איך געבליבן אויף דער זעלבער מדרגה פון אמונה ווי פריער, וואָלט עס געווען אַ בזיון פאַר די קדושים. מיין ענטפער איז: — נאָך מער מסירת נפש פאַרן רבונו של עולם. שרייען עד כלות הנפש: כי עליך הורגנו כל היום. אַרומגיין ביז יציאת הנשמה מיט אַ צעבראָכטעט האַרץ און אויפגעהויבענע הענט צום הימל: טאַטע־פאָטער, נאָר דו ביסט אונז געבליבן! אָבער וואו זייט איר פאַראויסגעגאַנגען, אָדער צוריקגעגאַנגען? וואָס האָט זיך ביי אייך געביטן? וואָס איז אייער ענטפער? —

ח.

דער ראַסיינער האָט גערעדט מיט אַ טרוקענעם פייער און האָט זיך אַלץ מער צעפלאַקערט פון זיינע אייגענע רייד. איך האָב געזען ווי ער לאָדט אויס אַ פאַרשטיקטן כעס. ענדלעך איז ער אַנטשוויגן געוואָרן מיט פאַרביסענע ליפּן ווי ער וואָלט זיך אַליין מיט גוואַלד באַפוילן צו שווייגן. זיין שטומקייט האָט בולט'ער געמאַכט די פאַרשפּיצטע בייניקייט פון זיין גוף. ער האָט פאַרלייגט אַ פוס אויף אַ פוס, דעם לינקן עלנבויגן אויסגעבויגן אין אַ שאַרפן ווינקל, אים איינגעגראָבן אין דאַרן קנעכל פון זיין אייבערשטן פוס, מיט דריי פינגער זיך איינגעקלעמט אין זיין געדיכטער באָרד ביי דער גאָמבע, און מיט אַן אַראָפּגעלאָזענעם קאָפּ אַריפגעקוקט צו מיר פון אונטער די געדיכטע ברעמען מיט אַן אָנגעשפּיזטן בליק.

דערווייל איז די אָוונטיקע בלויקייט געוואָרן טונקעלער. די שטיינערנע פיגורן אַרום האָטעל דע וויל האָבן זיך איינגעשרומפּן ווי דערשראָקענע פון דעם ראַסיינערס רייד און פּאַמעלעך זיך אַריינגערוקט אַלץ טיפער אין די נישעס פון די ווענט. דער אַלטער פּאַריזער ראָט־הויז איז געלעגן אין האַלבער פינצטערניש. ער האָט אויסגעזען ווי אַ ריזיק־צעוואַקסענע בימערע וואָס איז פון נאָענטן מיטלאַלטערלעכן קלויסטער „די הייליקע מוטער פון פּאַריז" אַראָפּגעפלויגן אויף דעם פּיסטן „פּלאַץ פון די גרויזאַמקייטן". די אָנגעצונדענע עלעקטרישע לאָמפּן האָבן איינגעפּלעמלט אין אַ מאַטער גרינקייט די אַרומיקע געגנט. שוואַרצע גלאַנציקע אויטאָס האָבן זיך געגליטשט אַן גערויש איבער דעם אַספאַלט. א שיטער דראָבנע רעגנדל האָט אַ טריף געטאָן. באַלויכטענע פענצטער האָבן זיך צעשפּיגלט אין פייכטן ברוק. די דורכגייער אויף דעם אַנטקעגנדיקן טראָטואַר האָבן מיר אויסגעזען ווי זיי וואָלטן זיך באַוועגט מיט שטילע געהיימע טריט הינטער אַ זיידענעם דינעם פאָרהאַנג, געוועבט פון זומערדיקן רעגן.

פון אונזער פאַרשאָטנטן ווינקל אַרום דעם לײדיקן סעדל האָט איך אַריבערגעקוקט אויף דער אַנדערער זייט. אין עלעקטרישן שײַן האָבן די רעגן־טראָפּנס אין דער לופט אויסגעזען ווי מיליאָנען פייערפליגעלעך וואָלטן זיך געאײַלט פון הימל צו דער ערד מיט אַ פאַרשמייעטער פרייד. מיך האָט אַ צי געטאָן זיך אויסצומישן אין מענטשנשטראָם וואָס האָט געפליצט אויף די אַרומיקע באַלויכטענע גאַסן. איך האָב זיך אַ ריר געטאָן אין דערשפּירט ווי שפּילקעס קריכן אַרום

אין מיינע אָפּגעזעסענע גלידער. דער לייכטער רעגן האָט גלייך אויפ־געהערט. הערש איז געזעסן נעבן מיר אַ פאַרוואָקסנער מיט טויבקייט, זיינע פּלייצעס האָבן געשטאַרצט שטעכיק און זיין אָנגעבויגענער קאָפּ איז איינגעזונקען אין דער שוואַרצקייט. ער האָט געוואַרט אויף מיין ענטפער.

— ר׳ הערש, האָב איך לסוף געזאָגט, איך האָב אייך געהערט און צייטנווייז האָט זיך מיר געדאַכט אַז איך הער זיך אַליין. און זאָגן אַ ליגן זיך אַליין איז שווערער ווי זאָגן אַ ליגן יענעם, וועל איך אייך ענטפערן ווי דעם אייגענעם געוויסן, ניט סתם יוצא צו זיין און ניט כדי אַרויסצוגיין דער מנצח. איך בין אויך ניט מחויב אַלץ צו קענען פאַרענטפערן. איך האַלט גאָרניט אַז ס׳איז אַזאַ גרויסע מעלה ווען אַ מענש האָט ניט קיין ספקות. ותדע, אַז פונקט ווי די גרויסקייט פון מאמינים ליגט אין זייער תמימות און גאַנצקייט, ליגט די גבורה פון וועלטישע בעלי־מחשבה אין דעם וואָס זיי קענען איינשטעלן און לעבן מיט ספקות. איר האָט אייער אמת ניט אויסגעפונען, נייערט מקבל געווען אַ פאַרטיקן. ווען מען פרעגט אייך אויף אייערער אַ הנהגה וואָס איר אַליין ווייסט ניט איר כוונה, ענטפערט איר: מעשה אַבותי בידי. אַ מענש איז אַ מורד על־פּי רוב אין זיין יוגנט, אויף דער עלטער זוכט ער מנוחה. איר האָט געהאַט מנוחת הנפש אין דער יוגנט, און איך האָב עס אויך ניט איצטער, ווי איר האָט עס מיר אַמאָל פאַראויס־געזאָגט. אָבער איז דען אייער מנוחה הנפש אַ ראיה אַז דער אמת איז מיט אייך? ביי אייער גאַנצן קענען זיך מפקיר זיין, איז דאָ אין אייך אַ צופרידנקייט מיט זיך אַליין. איך בין, זאָגט איר, געבוירן געוואָרן אין אַ כתנת פּסים — מיטן אמת. און אייער משל מיטן הונט וואָס וויל באַווייזן אויף ביידע התונות איז בפירוש אַ גראָבער און אַ גאווה׳דיקער משל, דערצו נאָך איז ער אַ פאַלשער.

דעם „אַלטן״, דעם מיסד פון נאָוואַרעדאָק האָט מען גערופן דער „בעל ההורים״, ר׳ יוסף־יויזל זאָל האָבן אָפּגעזעסן יאָרן־לאַנג אָפּגעזונדערט אין אַ וואַלד־שטיבל מיט צוויי לעכער אין דער וואַנט, דורך איין עפענונג האָט מען אים דערלאַנגט מילכיקס און דורך דער צווייטער — פליישיקס. ווען ער איז אַרויס פון זיין התבודדות אין דער וועלט, איז געוואָרן זיין שיטה: מילכיקס אָדער פליישיקס, אַהער אָדער אַהין, נאָר ניט קיין פּאַרעווע אידישקייט. אָט די תורה האָבן זיינע תלמידים, און איר בתוכם, איבערגענומען. אויך מיר זוכן אַ גאַנצקייט, ניט קיין פּאַרעווע פּשרה. און אייערע רייד, אַז אונז האָט זיך פאַרוועלט אַ קליין תורה׳לע, אונז זאָל ווערן גרינגער — זיינען סתם דברים בעלמא. גראָד פאַרקערט, מיר מאַכן זיך נאָך שווערער, ווייל מיר נעמען אויף זיך אַ דאָפּלטן חוב הן לגבי אידישקייט און הן לגבי וועלטישקייט. מיר ווילן ניט אַז אונזער אידישקייט און וועלטישקייט זאָלן לעבן אין אונזער שטוב ווי צעקריגטע מאַן און ווייב. איז זוכן מיר צוזאַמען צוברענגען מאַן און ווייב אין אַזאַ שלום, אַז קיינער

זאָל זיך ניט דאַרפן אָפּזאָגן פון זיין רעכט און זיין כאַראַקטער, נאָר פון זיינע משוגעת'ן. און אין נמשל מיינט עס: געפינען דעם תוך פון אידישקייט און וועלטישקייט וואָס קענען גיין צוזאַמען.

איר האָט געזאָגט, אַז ביי אידן איז אַלעמאָל געווען דער עיקר דער ציבור, ניט דער יחיד, ביז מיר זיינען געקומען און הרוב געמאַכט דעם כלל. אונז האָט זיך פאַרוועלט זיין ווי די גויים וואָס ביי זיי איז דער עיקר — „איך". און כדי מיר זאָל ווי טאָן, האָט איר מיר דווקא געוואָלט איינרעדן, אַז איך וויל אַרויפקריכן אויפן האָטעל דע וויל און זיך דאָרט אָוועקשטעלן ווי אַ לעבעדיקער דענקמאָל נאָך זיך אַליין. איר מעגט דאָך אָפּ'חוזק'ן, וואָרים איר זייט מכוון לשם שמים. וועל איך ניט אָנפאַנגען איצטער אייך דערציילן מעשיות פון היסטאָריע וועגן פרנסים, תקיפים און נגידים וואָס האָבן געמאַכט דעם כלל ישראל פאַר זייער פוס־בענקעלע. אַנטקעגן דעם וואָס איר זאָגט, אַז ביז מיר זיינען געקומען איז ביי אידן געווען אַלעמאָל דער עיקר דער ציבור... איך וועל אייך ענטפערן: יאָ. אונזער וועלטישקייט איז אין באַפרייען דעם יחיד. איר טענה'ט אַז דער מענש דאַרף זיין אייגענעם „איך" אויסרייסן ווי קראָפּעווע. נאָר זינט הונדערטער יאָרן זיינען מענשן געגאַנגען אויף אַלע פיניקונגען און טויטן, כדי דער רבים זאָל באַשטיין פון זאַטע און פרייע יחידים. ס'איז שוין איצט רעכט פינצטער, קען איך אייך ניט ווייזן די דענקמעלער פון די מענשן וועמען מען האָט אַראָפּגעהאַקט די קעפּ, ווייל זיי האָבן דווקא געוואָלט פרייהייט, גלייכקייט און ברידערלעכקייט פאַר אַלע מענשן. נאָר וואָס טויג מיר צו זוכן גבורים ביי פרעמדע פעלקער און פון אַמאָליקע תקופות? איך קען אייך איצט אָנהייבן לייענען אַ מגילה און ענדיקן איבערמאָרגן וועגן אינגלעך און מיידלעך פון אונזער גאַס, וואָס האָבן אָפּגעפינצטערט זייער יוגנט אין די תפיסות, ווייל זיי האָבן דורכאויס געוואָלט איבערמאַכן די וועלט. און איר אַליין ווייסט גאַנץ וואויל פון אידישע אַרבעטער וואָס האָבן געפירט מלחמות אין אונזערע צייטן און אין לאַנגאַניקע צייטן מיט אַלע נוגשים און שוטרים. מער ניט איר פאַרגינט ניט, אַז אייך פרייע זאָלן קענען זיך מקריב זיין — שרייט איר, אַז זיי זיינען אַוועק פון אידישקייט בלויז צוליב טרייפע הגאות. דאָס איז עקר מוחלט. איך האָב געקענט אויף אונזער גאַס אַזוי פיל „מבקשים" ווי אין נאַוואַרעדאָק — און נאָך מער. איר, ר' הערש, האָט מבטל געווען די וועלט, זייט איר פאַרקראָכן אויף אַ בוידעם. אָבער די דאָזיקע יונגעלייט וואָס האָבן שטאַרק ליב געהאַט דאָס לעבן, האָבן זיך מפקיר געווען — איינצוריכטן די וועלט.

הייגט וואָס פאַר אַ תביעה האָט איר צו אונז פאַר דער וועלט? איר אַליין האָט געזאָגט אַז מיר האָבן גע'חלומ'ט פון אַן אַנדער וועלט אַ בעסערער — איז דאָך מעיקרא דדינא פירכא. מיר זיינען גע־גאַנגען אין דער וועלט מיט אונזער אייגענער וועלט, ווי די אידן אין מדבר האָבן געטראָגן דעם ארון מיט די לוחות הברית, כדי אַריינצוגיין

אין לאַנד כנען מיט אַן אייגענער תורה. איר לאַכט אַ וויסט געלעכטער: איר האָט זיך אָפּגענאַרט, זאָגט איר. פרעג איך אייך: זאָגט איר זיך אָפּ פון אידישקייט, ווייל די שומרונים, די כותים און די קאַראַאימער האָבן פאַרקרימט און פאַרקריפּלט תורת משה?

אָבער פאַרוואָס דאַרף איך זיך פאַר אייך פאַרענטפערן? איר זעצט מיך אַוועק אויף איין באַנק מיט די רוצחים און מאָנט ביי מיר אַ חשבון פאַר דער וועלט. איך קען זיין ניט קיין ערגערער קטיגור ווי איר זייט. איך קען אויף אייך שרייען און ביי אייך מאָנען. איר זייט שולדיק אויב מיר זיינען אַוועק צו ווייט פון אידישקייט! איר האָט פאַרמאַכט טיר און טויער און ניט אַרויסגעלאָזט אין גאַס. טאָמער האָט איינער אַרויסגעשטעקט דעם קאָפּ און איר האָט אים ניט געקענט אַריינשלעפּן צוריק פאַר די פיס, האָט איר אים אַרויסגעשטויסן אינדרויסן און הינטער אים פאַרקלאַפּט די טיר מיט קללות. האָט ער ניט געהאַט וואו צוריק צו גיין, איז ער אַוועק נאָך ווייטער ווי ער האָט אַליין געוואָלט. איר זייט פון דור צו דור געוואָרן פאַרפרימטער און פינצטערער. איר האָט פאַרשטאָפּטע הערצער און טויבע אויערן פאַר אַלע חכמות פון דער וועלט. דאָס זיינען דברים בטלים, לאַכט איר. ווען איר קענט, שטעלט איר ווידער אין קונע, ווי דער ווילנער גאון האָט עס געטאָן מיט אַ פרומען משכיל וואָס האָט זיך דערוועגט צו זאָגן, אַז די בעלי־המדרש זיינען ניט געווען קיין גרויסע מדקדקים. איר וואָלט נאָך היינט פאַר דעם קלענסטן חטא עוקר מן השורש געווען. נאָר ווייל איר קענט ניט, קריגט איר אַ קורצן זכרון. איר געדענקט ניט, כלומרשט, אייערע רדיפות אויף איטלעכן וואָס האָט זיך דערוועגט צו זאָגן עפּעס אַנדערש ווי איר אָן אַן אסמכתא פון חז״ל און אַפילו מיט אַן אסמכתא. אַ לעבן־לאַנג האָט איר געלערנט דעם „מסילת ישרים“. ווייסט איר כאָטש וויפל מען האָט געיאָגט זיין מחבר, וויפל חשדים מען האָט אויף אים אַרויפגעוואָרפן, וויפל בלוט־צאַפּעניש מען האָט אים פאַרשאַפט און זיך געראַיעט אין זיינע כתבים — ווייסט איר עס כאָטש? און איר אַליין האָט זיך דען ניט געראַיעט אין די קעסטלעך פון די ישיבה־אינגלעך און געזוכט דאָרטן ביכלעך? און אַפילו אין דעם מאָמענט איז דען ניטאָ אין אייער קול — דער קול שופר פון הרם? און ברענען ניט אין אייערע אויגן די שוואַרצע ליכט פון הרם? און מיינט איר אין דער אמת'ן, אַז מיט אייער קאָכעניש האָט איר מער ליב אידן ווי די סופרים וואָס האָבן געבלוטיקט ווען זיי האָבן געשריבן בקורת אויף דער אידישער קהילה? און האָט איר זיי ניט געלייגט אונטערן פאַרקאַן, אויב נאָר איר האָט געקענט, און קיין מצבה ניט געשטעלט?

ווי ווייט איר פילט זיך פרעמד פון אַלע וועלטישע אידן זע איך גאָר באַזונדער אין דעם וואָס די גאַנצע צייט האַלט איר אין איין איבערקייען „מיר“ און „איר“. מיר לײדן נעבעך אומזיסט, לאַכט איר. מיר ווילן ניט זיין קיין אידן — און מוזן. מיר האָבן ניט קיין

רעכט זיך צו האַלטן פאַר „אתה־בחרתנוניקעס״, זאָגט איר. איר וואָלט זיך באַדאַרפט שעמען! איר רעדט אַן בושה, רעדט איר. לויט אייך קומט אויס אַז דער דייטש האָט אַ טעות געמאַכט וואָס ער האָט אונז אַנגענומען פאַר אידן. אָבער דעם זייער מיאוסן טעות — מאַכט איר. די שונאי ישראל ווייסן גוט אַז מיר זיינען אַלע די זעלבע, זיי זאָגן עס אָפן. און ניט בלויז פאַר די שונאי ישראל, נאָר אייך פאַרן רבונו־של־עולם זיינען מיר די זעלבע. איר הערט וואָס איך רעד צו אייך? די זעלבע! אויף יענער וועלט וועט אייער נשמה קיין יאַרמלקע, קיין באָרד און פיאות ניט טראָגן. אייער נשמה וועט דאָרט קומען אַ נאַקעטע — ווי מיינע. לויט אייך קומט אויס, אַז דער אמת׳ער כלל ישראל איז אַ הייפל הערש ראַסיינערס. אַלע איבעריקע זיינען פערטל אידן, צעגטל אידן. וואָס זאָג איך? דאָס אויך ניט. וואָרים איר זאָגט, אַז אידישקייט טיילט זיך ניט: גאָר אָדער גאָרניט. מאַכט איר אונז נאָך טויזנטער מאָל אָרעמער אין צאָל ווי מיר זיינען.

אַ ריכטיק וואָרט האָט איר געזאָגט, אַז ניט אַ דריטל פון אונזער פאָלק איז אומגעקומען, נאָר אַ דריטל איז געוואָרן אויסגעהאַקט פון לייב און נפש פון איטלעכן געבליבענעם אידן. איז אין דער אמת׳ן פאַר אייך, ר׳ הערש, אומגעקומען אַ דריטל פון אונזער פאָלק? דער סך הכול פון אייערע רייד איז — נאָכאַמאָל דאָס זעלבע! — אַז ווער עס היט ניט אָפּ אייער אידישקייט, איז ניט קיין גאַנצער איד. הייסט עס, אַז די צאָל פון די אומגעקומענע אידן זיינען ניט לויט דער צאָל פון די פאַרברענטע גופים? זעט איר צו וועלכער אכזריות אייער קיצוניותדיקע פרומקייט מוז אייך דערפירן.

באַטראַכט און ענטפערט זיך אַליין. אָט די אידן וואָס האָבן ניט אַריינגעקלערט וועגן דער היכער מטרה פון מענטש, און זיי האָבן ניט אונטערגעהאַלטן ווי למדּ־ווניקעס די וועלט, נאָר געלעבט אַן אָרעם לעבן פאַר זיך, פאַר ווייב און קינד; אָט די אידן וואָס זיינען איפּגעשטאַנען צו דער פראַצע אָן „מודה אני״ און געגעסן זייער שוואַרץ ברויט אָן המוציא; אָט די אידן וואָס האָבן אַריינגעהאָרעוועט אין שבת און ניט אָפּגעהיט כדבעי יום־טובים; אָט די אידן וואָס האָבן הכנעה׳דיק און געדולדיק געוואַרט ביים עולם־הזה׳דיקן טיש טאָמער וועט זיי צופאַלן אַ ברעקל ווי איר, דער פרוש. דער נאָוואַרעדקער מתבודד לצ׳עוועט פון זיי; אָט די אידן וואָס האָבן געלעבט אין שכנישאַפט, אין קליינע קריגערייען און אין איבערבעטן זיך, און אַזוי זיינען זיי אומגעקומען אינאיינעם — איר לאָזט זיי אַריין אין אייער גן־עדן אָדער ניט? און וואו וועלן זיי דאָרטן זיצן, אין מזרח מיט די בעלי מוסר, אָדער ביי דער טיר מיט די פיס אינדרויסן? דער איש פשוט איז אַ קדוש וטהור, ווייל ער איז אומגעקומען ווי אַ איד, וועט איר מיר זאָגן. נאָר אויב ער איז געבליבן לעבן — איז ער אַ רשע און אַ טרייפניאַק, ווייל ער גייט ניט אין אייער דרך? אָט דאָס איז אייער רחמנות און ליבשאַפט צום כלל־ישראל? און איר האָט נאָך די העזה צו רעדן

אין זייער נאָמען און זאָגן, אַז איר זייט עס דער שליח ציבור פון די קדושים... וואָס רייסט איר זיך אויף? איר ווילט אַנטלויפן? איר האָט דאָך גע׳חלומ׳ט מיט מיר זיך צו טרעפן און זיך אויסטענה׳ן, האָט איר מיר פאַרזיכערט. קענט איר בלויז רעדן און ניט הערן? באַוואַרעד־קער בעל־מוסר, זעצט זיך אַוועק און הערט ביזקל סוף.

אויב איך זיינען אַזוי פרעמד די וועלטישע אידן, היינט ווי קען איך שוין האָבן טענות וואָס פון אייך בלאָזט אַ פינצטערניש און אַ שנאה צו דער גאַנצער ניט־אידישער וועלט? לאָמיר אָבער, ר׳ הערש, זיך מער ניט קריגן און באַרעכענען רואיק. מעגן מיר פיינט האָבן די גאַנצע ניט־אידישע וועלט? איר ווייסט פונקט ווי איך אַז עס זיינען געווען אַזעלכע וואָס האָבן געראַטעוועט אידן. וועל איך זיך מיט אייך ניט אַריינלאָזן אין אַ השבון וויפל עס זיינען געווען אַזעלכע. פאַר מיר איז גענוג אַז איר ווייסט פון עטלעכע. און פון איינעם אַזאַ פאַל וויל איך אייך דערציילן.

אין ניינצן זעקס־און־פערציקסטן יאָר, אין פוילן, בין איך איינמאָל געווען אויף אַ קליינעם צוזאַמענקום לכבוד אַ פּאָליאַק, אַ קריסט, אַן אַלטער דאָקטאָר וואָס האָט אויסבאַהאַלטן אַ צענדליק אידן אין אַ צימערל הינטער אַ וואַנט, פאַרשטעלט מיט פאָליצעס ביכער. אויף אָט דער קליינער אסיפה אין אַ האַלב טונקעלן חדר זיינען מיר געזעסן אַרום אַ טיש. מיר האָבן דעם דאָקטאָר ניט געלויבט, ניט גערעדט וועגן דברים העומדים ברומו של עולם, וועגן דער מענשהייט און וועגן העלדישקייט, אויך ניט וועגן אידן און פּאָליאַקן. מיר האָבן אים פשוט אויסגעפרעגט ווי אַזוי האָט ער ניט געהאַט קיין מורא צו באַהאַלטן אַ צענדליק אידן הינטער דער וואַנט פון זיין קאַבינעט? דער דאָקטאָר, אַ קליינינקער, אַ גרויאינקער, האָט די גאַנצע צייט געשמייכלט קינדיש און געדאַנקט אַ פאַרשעמטער פאַרן כבוד, מישטיינס געזאָגט, וואָס מיר גיבן אים אָפּ. אויף אונזער פראַגע, האָט ער געענטפערט מיט אַ נידעריק קול, ממש געשטאַמלט, אַז ווען ער האָט באַהאַלטן די אידן, איז ער געווען זיכער, אַז וויבאַלד ער טוט אַ גוטע זאַך, וועט אים קיין שלעכטס ניט געשען.

דאָ אין פאַריז איז דאָ אַ זקנה אַ ליטווינקע, איך קען זי גוט. אַלע ווייסן אַז זי האָט אין ווילנער געטאָ געראַטעוועט אידן און באַ־האַלטן אויך — ספרים. די דייטשן האָבן זי פאַר׳משפט צום טויט. על פי נס איז זי ניצול געוואָרן. מען האָט זי פאַרשיקט קיין פראַנקרייך אין אַ לאַגער. זינט דער באַפרייאונג דרייט זי זיך אַרום צווישן אידישע פליטים. אין אָט די פרוי איז אַן אַלטע רעוואָלוציאָנערקע, אַן אַטעי־איסטקע, דאָס הייסט, זי גלייבט ניט אין גאָט, להיפוך פון פוילישן דאָקטאָר וואָס איז אַ פרומער קריסט.

שטעלט זיך פאָר אַז די גרויע אַלטיטשקע, דער פּאָליאַק און די ליטווינקע, דער קריסט און די רעוואָלוציאָנערקע, זיצן ביידע די

גאַנצע צייט פון אונזער שמועס דאָ איך דער באַנק לעבן אונז. זיי רעדן ניט, זיי הערן זיך בלויז צו צו אַלץ וואָס איר האָט דאָ געזאָגט. זיי זיינען איבערגעשראָקן פון אייערע טענות, נאָר ניט אין כעס, ווייל זיי פאַרשטייען אַז אייער שנאה נעמט זיך פון אונזער בראָך. זיי האָבן אויך ניט קיין חרטה וואָס זיי האָבן מציל געווען אידן, זיי פילן נאָר אַ דריקעניש אין האַרץ, אַ גרויסן ווייטאָג. פאַרוואָס, קלערט איר, האָבן זיי געראַטעוועט אידן? קיין געלט און קיין קליידער האָבן זיי ניט גענומען. דער פרומער קריסט האָט קיינעם ניט געפרואווט אַפּשמדן. די רעוואָלוציאָנערקע האָט קיינעם ניט געוואָלט מאַכן פאַר אַן אַטעאיסט, אדרבה, זי האָט נאָך באַהאַלטן אידישע ספרים. זיי האָבן געראַטעוועט אידן ניט בלויז צוליב רחמנות, נייערט אויך צוליב זיך אַליין. זיי האָבן געוואָלט דערווייזן פאַר זיך גופא — קיינער האָט דאָך ניט געטאָרט וויסן — אַז ניט די גאַנצע וועלט באַשטייט פון גזלנים און גלייכגילטיקע צו יענעמס אומגליק. די אַלטיטשקע האָבן געוואָלט ראַטעווען זייער אמונה און מענטשן צוזאַמען מיט די לעבעדיקע אידן. איצט קומט איר און לייקנט אין דער גאַנצער וועלט וואָס איז ניט איבערגעגעבן צו פרומער אידישקייט. און אָט די צוויי אַלטיטשקע זיינען דאָך ניט איבערגעגעבן צו פרומער אידישקייט. פרעג איך אייך: וואו האָט איר אין אייער וועלט אַ ווינקל פאַר דער גרויער פאַר? איר טרייבט זיי דאָך אַרויס אין דער פינצטערער נאַכט. געקומען צו דער באַנק זיינען זיי איטלעכער באַזונדער, זיי האָבן זיך ניט געקענט, און אַוועקגיין וועלן זיי אָנגעבויגענע אויף זייערע שטעקעלעך איטלעכער באַזונדער, ווייל זיי שעמען זיך צו קוקן איינע די אַנדערע אין פּנים צוליב זייערע אָפּגענאַרטע חלומות. דער זקן מיט דער זקנה האָבן געמיינט אַז מיר געהערן אַלע צו איין בעסערער וועלט, און איר פאַרשפּייט אָט די וועלט. וואָס וועלן זאָגן די געראַטעוועטע אידן אויף דעם וואָס איר פאַרטרייבט זייערע רעטער? איר וועט זיי, די חסידי אומות העולם, אַרויסנעמען פון כלל גויים און אַריינגעמען אין אַ באַזונדערע מחיצה? זיי האָבן ניט איינגעשטעלט זייער לעבן, כדי ר׳ הערש ראַסיינער וואָס האָט פיינט אַלעמען, אַלעמען, זאָל זיי מאַכן אַ יוצא מן הכלל.

אָבער פאָרט וואָס האָט זיך ביי אייך געביטן נאָך אַזאַ חורבן? — פרעגט איר. און וואָס האָט זיך ביי, ר׳ הערש, געביטן? ענטפערט איר אויף דעם, אַז איר זייט נאָך מער געשטאַרקט געוואָרן אין אייער אמונה. קום איך צו גיין און זאָג אייך אָפן אין פּנים: אייער ענטפער איז אַ נעבעכדיקער און קלאָגעדיקער ענטפער. איך נעם ניט אָן בשום אופן אייער תשובה. די אייביקע שאלה פון „צדיק ורע לו, רשע וטוב לו״, געפלט אויף אַ מיליאָן אומגעבראַכטע קינדער, מוזט איר פרעגן ביי גאָט. דאָס וואָס איר ווייסט פאָראויס, אַז מען וועט אייך פון הימל ניט זאָגן קיין תירוץ — איז קיין ענטפער ניט פאַרוואָס איר פרעגט ניט. זייט איר, ר׳ הערש, אַזאַ מאמין ווי איוב, מוזט איר האָבן אַזוי פיל מוט ווי ער און שרייען צום הימל: „הן יקטלני לו איחל אך דרכי אל פניו

איכיה, גאָט זאָל מיר אפילו טייטן, וועל איך צו אים האָפן, נאָר מיינע וועגן וועל איך פאַר אים איפּזוייזן". האָט אַ מענש ניט געזינדיקט, טאָר ער זיך ניט דערקלערן פאַר שולדיק. און מיר, ווען מיר זאָלן אַפילו זיין טייוואָלים, האָבן מיר ניט געקענט אַזוי זינדיקן, אונזער שטראָף זאָל זיין — אַ מיליאָן אומגעבראַכטע קינדער. דערפאַר איז אייער ענטפער אַז איר זייט געוואָרן נאָך מער מאמין — אינגאַנצן קיין ענטפער ניט, ווי לאַנג איר מאָנט ניט ביים הימל קיין חשבון.

ר' הערש, מיר זיינען בידע טויט־פאַרמאַטערט און אויסגעברענט פון אַ גאַנצן טאָג רעדן און זיך אַמפּערן. איר פרעגט, וואָס האָט זיך ביי מיר געביטן? דאָס טאַקע וואָס איך וויל מיט אייך שלום, וואָס איך האָב אייך ליב אהבת נפש. איך האָב אייך קיינמאָל ניט פיינט געהאַט און ניט געזוכט אויף אייך קיין הסרונות, נאָר איך האָב ניט פאַרשוויגן וואָס איך האָב געזען. אָבער ווען איר זייט געוואָרן ברוגז פאַר מיין אַוועקגיין, בין איך אויך געוואָרן ברוגז, און היינט שטופּ איך זיך מיט מיין ליבשאַפט צו אייך. איך זאָג צו אייך ווי דער איבער־שטער צו די פאַרזאַמלטע אידן אויף יום־טוב אין ירושלים: איך וויל מיט אייך זיין אינאיינעם נאָך אַ שמיני עצרת, קשה עלי פּרדתכם, מיר איז זיך שווער מיט אייך צו שיידן. דאָס האָט זיך געענדערט ביי מיר און, בדרך כלל, ביי אַלע אידישע סופרים. ס'איז געוואָרן ציטער־דיקער און טיפער אונזער ליבשאַפט צו אידן. דאָס הייסט, פון דער וועלט זאָג איך זיך ניט אָפּ, נאָר איך — לפי האמת דאַרף איך זאָגן: — מיר ווילן אָפּגראָבן אין זיך די פאַרבאָרגענע גע'ירש'נטע כוחות פון כלל, כדי מיר זאָלן קענען לעבן ווייטער. און איך בעט אייך: זאָגט אונז ניט אָפּ פון ירושה. און וויפל מיר זאָלן ניט אויפהייבן אונזער וויי־געשריי קעגן הימל און מאָנען חשבון, איז דאָ אין אונזער וויי־געשריי אַ שטילע תפילה, אַז עס זאָל אויף די פאַרפרעמדטע אידן אַראָפּגיין די שכינה — דער קלסתר פנים פון די פאַרברענטע. זייער אידישער פּרצוף־פּנים הענגט נאָך אין די גאַז־וואָלקנס אין חלל פון דער וועלט. און אונזער וויי־געשריי פון אָנמאַכטיקן כעס קעגן הימל האָט נאָך אַ טיפערן באַדייט: ווייל מיר גיבן ניט בשום אופן אונזער הסכמה אויף דער בלוטיקסטער וועלט־עוולה קעגן אונז, ווייל מיר נעמען ניט אָן דעם משפט — פאַרוואָרצלט זיך ניט אין אונזער האַרץ קיין קנעכט־שאַפט און קיין פאַרדאָרבנקייט און דער שרעקלעכער יאוש, אַז די וועלט איז הפקר.

ר' הערש, מיר זיינען אַלטע חברים פון דער ישיבה. איך געדענק ווי איינמאָל האָט איך פאַרלאָרן דאָס זעקל פון מיינע תפילין, איר זייט דעמאָלט ניט געגאַנגען עסן קיין פרישטיק און איר האָט עס אַ האַלבן טאָג אַרומגעזוכט, אָבער איר האָט עס ניט געפונען. איך האָב זיך איינגעשאַפט אַן אַנדער זעקל צו מיינע תפילין, נאָר איר זוכט נאָך ביז היינט הזקא יענעם זעקל פון מיין של יד און של ראש.

געדענק זשע, ר׳ הערש, אין די פרשיות פון מיין על יד און על ראש שטייט אָנגעשריבן דער כלל ישראל. און מיינט ניט, ר׳ הערש, אַז אונז, אידישע שרייבער, איז לייכט. אונז איז שווער, זייער שווער. דאָס אומגליק האָט אונז אַלעמען גלייך געטראָפן, נאָר איר האָט אייך אַלץ אַ פאַרטיקע תשובה, און מיר האָבן נאָך ניט פאַרענטפערט אַלע ספקות, און ווער ווייס צי מיר וועלן זיי ווען ניט איז פאַרענטפערן. אָבער דעם כלל ישראל דינען מיר, כאָטש ער ווייזט אונז אָפטמאָל זיין רוקן. איר זאָלט וויסן זיין אַז די איינציקע געבליבענע פרייד אין אונזער לעבן איז אונזער שאַפונג, אונזער יצירה, און דורך אַלע יסורים פון יצירה ציען מיר זיך צום פאָלק.

ר׳ הערש, עס איז שוין גאַנץ שפעט אין דער נאַכט, לאָמיר זיך געזעגענען. אונזערע וועגן זיינען פאַרשיידענע, סיי אין רוח און אַפילו פראָסט־פשוט. דער שטורם וואָס האָט אונז אויסגעריסן, פאַרוואָרפט אונז, דער שארית הפליטה, בכל קצוי תבל. ווער ווייס ווען מיר וועלן זיך ווידער באַגעגענען. הלוואי זאָלן מיר ביידע זוכה זיין מיר זאָלן זיך נאָכאַמאָל טרעפן און זען וואו מיר האַלטן. און הלוואי זאָל איך אַזוי דעמאָלט האַלטן ביי אידישקייט ווי היינט. ר׳ הערש, לאָמיר זיך צעקושן — — —

## התוכן